NUMBER 4 1923

# MILGROIM

## A YIDDISH MAGAZINE OF ART AND LETTERS

Editors Dr. M. Vishnitzer and M. Kleinman.

Art Editor Rachel Vishnitzer.

*CONTENTS.*



THE DESIGN ON THE COVER HAS BEEN TAKEN FROM THE HAGGADAH OR. 2884 OF THE BRITISH MUSEUM, 14th. CENTURY.

העפט 4 1923

# מילגרוים

## צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

ליטעראַרישע רעדאקציע
ד״ר מ. ווישניצער און מ. קליינמאן

קונסט רעדאגירט פון
רחל ווישניצער־בערנשטיין

## אינהאלט



די ארטיקעלן פון רחל ווישניצער־בערנשטיין, הערמאן
שטרוק און ד״ר אָלגא פעוזנער־שאץ זיינען איבער־
געזעצט פון מאנוסקריפּט דורך
מ. קליינמאן.

דאס בילד אויף׳ן שערבלאט איז פון
אַ אילומינירטער הגדה פון 14־טן
יארהונדערט׳ וואס געפינט זיך אין
דעם בריטיש מוזעאום׳ Or. 2884

געדרוקט אויף קונסטדרוקפאפיר פון דער פירמא שויפעלן אין אויבערלעניגען (ווירטעמבערג) אין דער קונסטדרוקעריי פון
Dr. Selle & Co. A.-G., Berlin SW 29, Zossener Str. 55



דצך עדש באחב

רבי יוסי הגלילי אומר מניין אתה
אומר שלקו המיצרים במיצרים
עשר מכות ועל הים לקו חמשים מכות
במיצרים מה הוא אומ׳ ויאמרו החרטמים
אל פרעה אצבע אלהים היא ועל הים
מה הוא אומ׳ וירא ישראל את היד הגדולה אשר
עשה יי׳ במיצרים וייראו העם את יי׳ ויאמינו
ביי׳ ובמשה עבדו

כמה לקו באצבע עשר מכות
אמור מעתה במיצרים
לקו עשר מכות ועל הים לקו חמשים מכות

רבי אליעזר אומ׳ מניין שכל מכה

רבי יוסי הגלילי און רבי אליעזר.
פון א אילומינירטער הגדה געשריבן דורך יוסף בר אפרים. מלוכהביבליאָטעק מינכען. קאָד. העבר. 200.

RABBI JOSE HAGLILI AND RABBI ELIEZER. FROM AN ILLUMINATED HAGGADAH COPIED BY JOSEPH BAR EPHRAIM.
MUNICH STAATSBIBLIOTHEK. COD. HEBR. 200. COLOUR PLATE EXECUTED BY F. BRUCKMANN, MUNICH.

# דער טויער־מאָטיוו אין דער בוך־קונסט.

אויב מיר זאָלן דעם מאמר „אין אנהייב איז געווען דאס וואָרט” פשוט ווערטליך נעמען, וואָלטן מיר געמוזט זאגען, אז אויך דאס געשריבענע וואָרט איז געווען דער ערשטער, דער אנטשיידענדער מאָמענט פון דער שאפונג. אזוי האט עס טאקע די יידישע לעגענדע פארשטאנען, בשעת זי דערציילט, אז נאָך מיט צוויי־טויזנט יאר פאר דער וועלט־באשאפונג איז שוין די תורה געווען, און גאָט ברוך הוא האט זיך מיט איר ארומגעטראגען, און זי איז געווען זיין פרייד, כביכול.

די געשיכטע פון דער שריפט לערנט אבער, אז זי איז תחילת ארויסגעבילדעט געוואָרן פון בילדליכע אויסמאלונגען, אפבילדונגען פון די זאכן, וואס געפינען זיך אויף דער וועלט. אין אנהייב איז אלזאָ געווען די טאט, אין זינען פון א שאפונגסאקט. די שריפט איז שוין ערשט א ווייטערדיגער שריט, א אפשפיגלונג פון דער וועלט־שאפונג.

און ניט בלויז די צייכן פון דער שריפט, נאר אויך דער סדר פון שרייבן, דער אופן ווי אזוי א בוך אויסצופוצן, דער פאָרמאט פונ׳ם בוך — אלעס איז א אפבילדונג פון די זאכן, וואס געפינען זיך אין דער נאטור און אינ׳ם לעבען, טראגט אויף זיך דעם אפשיין פונ׳ם ווירקליכן לעבען, און נאר מיט גרויס מיה און אין א לאנגזאמן פראָצעס פון אנטוויקלונג איז עס פארגליווערט געווארן אין די באוואוסטע פאָרמען.

אין די אלטע ביכער, אָדער ריכטיגער: אין די פארמעטענע האנטשריפטן, פון וועלכע ס׳האט זיך ארויסגעבילדעט אונזער פאפירנער בוך, זיינען די שפורן פון דער אפשטאמונג נאָך ניט אפגעווישט. דער גאנג פון דער סטיליזירונג איז נאָך ניט אזוי ווייט געקומען, אז מ׳זאָל ניט קאָנען אים נאכפאָלגן צוריק אויף זיין אנטוויקלונג, און דא ווערט באלד אָנזיכטיג, אז דער אנהייב פונ׳ם בוך איז געווען — דער טעמפל.

געוויס, מ׳קאן אויך זאגען: אין אנהייב איז געווען דער ט ו י ט, דען די עלטעסטע עקזיסטירענדע באפוצטע האנטשריפט, דער בארימטער פאפירוס פון לוואור, אנטהאלט קבורה־צערעמאָניעס געמאלטע מיט גאָלד און לייכטענדע פארבן. אָדער מ׳וואָלט אויך געקאנט באהויפטן, אז די התחלה פונ׳ם בוך איז געווען די מ ל ח מ ה, ווייל די פריהעסטע אילומינירטע פארמעטענע האנטשריפטן, וועלכע זיינען אונז באוואוסט, די ווירגיל־ראָלן פונ׳ם 4טן יארהונדערט, אנטהאלטן סצענעס פון מלחמה.

אין די דאזיגע ביידע פאלן האנדלט עס זיך אבער וועגן אילוסטראציעס, וואס זייערע קאָמפּאָזיציעס זיינען ניט סטערעאָ־ טיפיזירט געוואָרן. העכסטענס האבן זיי געקאָנט האבן אן השפעה אויף שפעטערע מאהלעכצן פון דעם זעלבן אינהאלט, אלס פאָרבילדער, אבער זיי פלעגן ניט באנוצט ווערן אלס פאָרלאגע פאר דער באפוצונג פון א בוך בכלל.

א גאנץ אנדערע ראָלע שפילט אין דער הינזיכט דער טעמפל.

אויף׳ן בילד זייט 4 זעהען מיר א בלאט פון א האנטשריפט פון ספר שמות, וועלכע מ׳קאן משער זיין, אז זי איז געשריבן אין מצרים אין יאר 930 (גענומען פון דער פעטערבורגער מלוכה־ביבליאָטעק **Ms II. 17**). אויף׳ן ערשטן בליק ווירקט דאס בלאט ריין אָרנאמענטאל, ס׳ווייזט אויס ווי א טעפיך, א קאָמפּאָזיציע פון ריין־געאָמעטרישע און געוויקסען־צייכנונגען. פארט אבער איז עס נאָך ניט קיין טעפיך, נאָך ניט קיין פארגליווערטע באפוצונג; ווירקליך לעבען פולסירט נאָך אין די דאזיגע פאָרמען.

דאס איז א בילד פון א טעמפל. מיר קומען אריין דורך ברייטע טוירן, דריי איינגאנגען זיינען עס. צווישען דעם מיטלען, גרעסערן, איינגאנג און די זייטיגע ליגען נישען, וועלכע זיינען פארפילט מיט פאנטאסטישע בלומען, — אָדער זיינען דאס אפשר סטיליזירטע ביימער? מיר געהען גלייך פארויס און מיר דערזעהען א גוואלטיגע מנורה, וועלכע וואקסט אויס פאר אונז אין דער מיט פונ׳ם חלל, אירע ארימס זיינען גראד־ווינקעלדיג געבויגן און טראגן איילעמפלעך. הינטער דער מנורה שטייגט ארויס דער ארון־קודש, אפגעטיילט דורך א מחיצה. דער ארון־קודש איז מיט צוויי פליגלען און געקרוינט מיט א געזימץ. אינעווייניג שטעהן אויפגעשטעלט צוויי לוחות מיט דרייעקיגע אויערן (טאבולא אנסאטא). רעכטס און לינקס פונ׳ם ארון, אינ׳ם שטח פון דער מחיצה, רוקן זיך ארויס צוויי גרויסע צווייגען. זיינען זיי אויף דער וואנט געמאלט, אָדער זיינען זיי אין רעליעף אויסגעארבעט? דאס איז שווער צו באשטימען. אין די זייטן זיינען נאָך אויסגעשטעלט די כלי־הקודש. דאס אויסגעפוצטע פעלד פון אויבן און די שמעלערע פעלדער בא די זייטן, זיינען אודאי מאָזאַיק־פוסבאָדן.

אין אן אנדער בלאט פון דער זעלבער האנטשריפט, וועלכעס גיט אונז אביסל אן אנדער געמעל פונ׳ם הייליגטום, זעהען מיר ווידער די מנורה, דאסמאל שוין מיט פארקיילעכיגטע, אויפגעהויבענע ארימס. דער שטח, אין וועלכן זי שטעהט, איז דא אפגעגרעניצט אויך פון די זייטן, און דער צוויטער



א ארון קודש. פון א אילומינירטען חומש פונ׳ם 10-טן יארהונדערט.
פעטערבורגער עפענטליכע ביבליאָטעק Ms. II 19. רעפּראָדוצירט פון סטאסאָוו׳ס און גינצבורג׳ס „העברעאישער אָרנאמענט“ מיט ערלויבניש פונ׳ם „יידישען פארלאג“ בערלין.

THE HOLY ARK. FROM AN ILLUMINATED PENTATEUCH OF THE Xth CENTURY. PETROGRAD PUBLIC LIBRARY MS. II. 49. REPRODUCED FROM V. STASSOV AND DAVID GUENZBURG, "L'ORNEMENT HÉBREU". BY KIND PERMISSION OF THE "JÜDISCHER VERLAG".



א טעמפעל-אנזיכט. פון א אילומינירטען חומש, געענדיגט 5 כסליו 1241 לשטרות, ד. ה. 930 לויט געוועהנליכער צייטרעכנונג.
געשריבן פון שלמה הלוי בר בועא. פעטערבורגער עפענטליכע ביבליאָטעק Ms. II 17. רעפּראָדוצירט נאך סטאסאָוו'ס און גינצבורג'ס „העברעאישער אָרנאמענט", מיט
ערלויבניש פונ'ם „יידישען פארלאג", בערלין.

INTERIOR OF THE TEMPLE. FROM AN ILLUMINATED PENTATEUCH, FINISHED THE 5th KISLEV 1241 OF THE SELEUCID ÆRA, I. E. 930 OF THE COMMON ÆRA. COPIED BY SALOMON HALEVI BAR BUYA, THE LEVITE. PETROGRAD PUBLIC LIBRARY. MS. II. 17. REPRODUCED FROM V. STASSOV AND DAVID GUENZBURG, "L'ORNEMENT HÊBREU". BY KIND PERMISSION OF THE "JÜDISCHER VERLAG".

רוים פון פּאָרינט, אין וועלכען ס׳שטעהט דער ארון־קודש, איז אביסל שמעלער. מיר האבן דא א מין אבסידע. צי געפינט זי זיך אויך אויף די אויסערע מויערן, קאן מען ליידער ניט זעהען, ווייל דער אבשניט פון׳ם כתב־יד איז גראד בא די דאזיגע אינטערעסאנטע ערטער געפעלערט. די נעבענשיפן זיינען איינגעפאסט אין זיילן־געגנג, אויב מיר מעגען אננעמען די קרייזען פאר זיילן געצייכענטע אינ׳ם פלאן. אלץ זאגט עדות אויף אזא פירוש. דאס מערקווירדיגע פון דעם דאזיגן געמעל איז, וואס א טייל חלקים זיינע זיינען פּאָרגעשטעלט ווי מ׳זעהט עס אין פלאן, דאס הייסט: אין האָריזאָנטאלן שניט, אנדערע טיילן אבער אין פראָנטאלן אויסזעהען. ביז צום שפּעטן מיטלאלטער געפינען מיר אזעלכע בויפלאנען, און גראד אין העברעאישע ביבעל־האנטשריפטן זיינען אזעלכע טעמפּעל־צייכנונגן ניט זעלטען.

אין די דאזיגע בילדער, ווי די אָט־וואס ארומגערעדטע ספר־שמות־האנטשריפט פון׳ם 10־טן יארהונדערט, איז שוין דערגרייכט געווארן א מדרגה אין דער באפּוצונג, וועלכע ליגט צווישן דער אילוסטראציע און דער אָרנאמענטאציע. מיר דערקענען נאך די איינריכטונג פון א טעמפּעל אדער א שוהל, נאך איז עס א פארשטעלונג פון א ווירקליכן געביי, אבער פארט . . . דאס בילד הייבט אן זיך פארהילן און פארשוואומען. עס איז ווי דאס בילד פון א חלום: אָט זיינען נאך דאס געווען זיילן — ניט אמת? — און אָט ווערן פון די צירקלען, וואס באטייטן די זיילן, קרייזן באצירטע מיט בלומען. שוין גיסן זיך איבער די כלים, די וואזעס, די קענדליך, די לייכטער, דער לולב, די אתרוגים — אין אָרנאמענטן. אזעלכע פארוואנדלונגען זעהען מיר היינט נאר נאך אינ׳ם באלעט, וועלכער באנוצט זיך גערן מיט׳ן טעמא, וואו באוועגליכעס לעבען ווערט פארגליווערט אין א בילד.

אנ׳אנדערע העברעאישע האנטשריפט — אויך פון דער פעטערבורגער מלוכה־ביבליאָטעק (Ms. II. 49), געוויס פון דעם זעלבן מקור און פון דער זעלבער צייט, ווי די אויבן דערמאנטע, באווייזט אונז א ווייטערן שריט אינ׳ם פּראָצעס פון סטיליזירונג (זייט 3). די לוחות שטעהען שוין ניט אין הינטערגרונד, אויף א מרחק, אזוי ווי זיי ווערן געזעהען פון׳ם אריינגעהער אין טעמפּעל, ניט האבענדיג די העזה צו געהן צו נאָהנט צום הייליגטום, נאר זיי בילדען דעם מיטלפונקט פון דער קאָמפּאָזיציע. דאס, וואס מיר זעהען א ר ו ם די לוחות איז שוין ניט די איינריכטונג פון א טעמפּעל, ניטאָ מעהר דער לאנגער זאל מיט די נעבענשיפן און מחיצות, מיט די לייכטער און כלים, נאר איינציג די ביישטידלאַך פון׳ם ארון־קודש. די לוחות זיינען ארויסגערוקט צו׳ן אונז נעהענטער און דער ארון־קודש איז אזוי ווי א רעהמל פאר זיי. אבער דער ארון־קודש ווערט אויך שוין ניט געפיהלט אין זיין געגענשטענדליכקייט. דער פּראָצעס פון דעם אָרנאמענטאלן גלגול האט אויך אים פארכאפּט, די ביישטידלאַך, דער געזימץ . . . אלעס צעפאלט זיך אויף קוואדראטן און קרייזן, און די שריפט פלעכט זיך ארום די דאזיגע צוברעקעלטע בוי־גלידער, וועלכע זיינען עס שוין מעהר ניט. אויף דעם וועג זיינען געגאנגען די מזרח־מענשן בכלל. די אראבער האבן סטיליזירט אויף זייערע תפלה־טעפּיכען, אין זייערע קאָראנען, די הייליגע נישע, דעם „מיערב״, פונקט אזוי ווי די יידן האבן סטיליזירט דעם ארון־קודש.

אויך די ערשטע קריסטן האבן זיך גענומען דעם ארון אלס מאָטיוו צום באפּוצן זייערע ביכער און באזונדער פלעגן זיי אים אויסדערוויילן בא טעקסטן, וואס זיינען ווי לוחות אויסגעשטעלט. דאס פריהעסטע ביישפּיל פאר דעם גיט אונז די עוואנגעליע, וואס איז געשריבען געווארן אין מעסאָפּאַטאמיע, אין דער שטאט זאַגבַא, פון דעם סירישער מאָנאך ראַבולַא אינ׳ם יאר 586. דער כתב־יד געפינט זיך אין דער לורענציאַנא אין פלאָרענץ. דא טרעפן מיר אן אייזעביוס׳עס קאָנקאָרדאנץ־טאוולען איינגעפאסט אין א בויגען־ארכיטעקטור, א זכר צום הייליגען ארון. דער דאזיגער מאָטיוו ווערט סטערעאָטיפּיזירט און ער פארלאזט שוין ניט דאס געביט פון דער בוך־באפּוצונג. די ביצאנטינישע קונסט האט עס פארמאגט אין פאַרלויף פון יארהונדערטען, די פּאטריארכאלישע, פון׳ם בית־המקדש איבערגעליפערטע פאָרם אויפצוהאלטן. דער אָרון אדער דער „שער״, וועלכער ראמט ארום דעם טעקסט, (צו באמערקן איז כדאי, אז די שריפט־קאָלאָנעס רופט דער תרגום אונקלוס אן „טירען״, דלתות אדער פּצים) ווערט מיט פּאלמענביימער אדער בלומען בא די זייטן ארומגעשטעלט. די דאזיגע פּאלמען און בלומען קענען מיר פון דער באשרייבונג פון מקדש שלמה אין ספר מלכים א, ו כ״ט. דארט ווערען די פּאלמענביימער אויסדריקליך דערמאנט אלס עלעמענטן פון דער וואנט־דעקאָראציע. פּאלמענביימער און כרובים, דאס איז אנ׳אלטער אשור׳שער מאָטיוו אויף ווענט און טירן און אויך פריי־שטעהענדיג, און אָט זעהען מיר זיי ווידער אין שלמה׳ס בית־המקדש. אויך אין דעם פריהער ארומגערעדטן מצרים׳שען כתב־יד פון ספר שמות, איז דער ארון־קודש מיט צוויגען און בלומען ארומגעשטעלט בא די זייטן.

אין 9־טן און 10־טן יארהונדערט פארבלייבט די יידישע אילומינאציע (האנטשריפט־באפּוצונג) אזוי ווי בא אלע פעלקער, נאך זעהר ענג פארבונדן מיט די פארשידענע קונסטגעווערבליכע אויסארבייטונגען. דער באפּוצער איז אפט געווען א יובעליר און געקאנט די מלאכה פון גראווירן און עמאלירן. דערמיט דערקלערט זיך די פּאָרליבע זייערע צום גאָלד אין דער אילומינאציע (באפּוצונג), צום פארשטעלען מעטאלענע כלים און קייטן־מאָטיוון אין דער אָרנאמענטאציע. ערשט אין 12־טן און 13־טן יארהונדערט ווערט די באשעפטיגונג פון׳ם אילומינירער (בוך־באפּוצער) זעלבסטשטענדיגער, די מאלעריי ווערט א באזונדערער צווייג און די פארבען קומען צום גרויסן טייל אויף׳ן ארט פון׳ם גאָלד.

אין דער רייצענד־שענער קליינער הגדה־האנטשריפט פון׳ם 14־טן יארהונדערט, (זעה בילד זייט 8), וועלכע געפינט זיך אין בריטיש מוזעאום (Or. 2737), זעהען מיר, אז דאס גאָלד איז שוין אוועקגעפאלן. די בילדער זיינען פון א וואונדערבארן פארבען־פרייד און העלקייט. א קרעפטיג געלב, א פלאשען־גרין פאראייניגען זיך מיט א לייכטענדען צינויבער, מיט פּורפּור־רויט, וועלכעס געהט איבער אין פיאָלעט. דער כוואליע־מאָטיוו אינ׳ם ראהמען און אינ׳ם בויגען ווייזען, אגב, די האנט פון׳ם מעטאלגראווירער. דאס גאנצע בילד ווירקט אויך אין די ארכיטעקטאָנישע מכשירים גיכער מויריש ווי גאָטיש. דער טעקסט פון דער דאזיגער הגדה האט זעהר ווייניג בא־




**Add. 14761** דער סדר. פון אַ אילומינירטער הגדה. בריטישער מוזעאום.

THE SEDER. FROM AN ILLUMINATED HAGGADAH. BRITISH MUSEUM, Add. 14761.

פוצונג, בלויז פון צייט צו צייט א פארצירטעס אנהייב־וואָרט. דערפאר אבער זיינען די בילדער, וואס זיינען בייגעלעגט צום ביכל אלס סעריע, אלע איינגעפאסט אין בויגען־ארכיטעקטורן, אזוי ווי דאס, וועלכעס איז דא אפגעבילדעט. אין דעם דא רעפּראָדוצירטען בלאט שפילט דער טויער־מאָטיוו א טאָפּעלע ראָלע. ערשטענס אלס סטערעאָטיפּישע איינפאסונג, נאר דא פאסט ער איין ניט א שריפט־טאוול, נאר א בילד, און צווייטענס אלס עלעמענט פונ׳ם אינהאלט פון דעם בילד. דאס בילד שטעלט נעמליך פאָר א מקוה, א מרחץ, וועלכער איז פארגעשטעלט אינ׳ם פּרעכטיגען געביי. אויף דער גאלעריע איבער די ארקאדען, זעהט מען פרויען איינגעהילט אין שאלען, וועלכע באשעפטיגען זיך מיט׳ן טובל׳ן נייע כלים אויף פסח. די ארכיטעקטור, די געשטאלטען פון די פרויען, דאס אונטען־פליסענדיגע וואסער — אלעס איז פון מאָנומענטאלער שיינקייט.

מ׳זעהט, — אז דער־ראהמען, ווען ער פאסט ארום ניט קיין טעקסט, נאר א בילד, קאן ער געווינען צוריק זיין אור־

שפרינגליכע ארכיטעקטאָנישע באדייטונג. אווירקליכער טויער, א ווירקליך געביי — אין אונזער פאל די מקוה, — דארף פארגעשטעלט ווערן. נאר על־פי רוב איז עס שוין ניט דער ארון הקודש, נאר דער טויער, אָדער דאס געוועלב, פון א קירכע אָדער א שוהל, אָדער א מושעע, וועלכעס שוועבט פאר'ן קינסטלערס אויגן בא דער ארבעט. דער טויער־מאָטיוו ווערט אלץ רייכער באפוצט און ער ווערט על פי רוב פארנוצט פאר די באדייטענדערע בילדער פונ'ם בוך. אינ'ם זעלטענעם סדר־בילד, וואס מיר האבן געבראכט אינ'ם ערשטען העפט מילגרוים (זייט 1), וועלכעס איז דאס באדייטענדסטע אין דער סעריע סדר־סצענעס פון דער דערמאנטער הגדה (British Museum Add. 14761), העלפט דער ארכיטעקטאָנישער ראהמען ניט וועניג צו, כדי די פייערליכקייט פונ'ם סדר צו שטייגערן. אין דעם זעלבן כתב־יד געפינען מיר איינע א סדר־סצענע, פאר וועלכער דער קינסטלער האט, ס'ווייזט אויס, געוואָלט וועניגער פלאץ און באדייטונג אפגעבן. אויף דעם בלאט זאָל אחוץ דעם בילד, נאָך א פינף שורות פון טעקסט געשריבען שטעהן (זעה בילד זייט 6). דערפאר האט ער אזוי דאס בילד קאָמפּאָנירט, אז דער געוועלב־בויגן זאָל נאר די הויפט־פערזאָנען איינפאסן, דעם בעל־הבית און זיין פרוי. די איבעריגע מיטגלידער פון דער פאמיליע און דער אורח קאָנען זיך מיט א פראָסטערער איינראמונג באנוגענען. אפט ווערט דאס בילד אוועקגעשטעלט איבערן טויער, אזוי ווי דאס קומט פאר אין דעם בלאט פון א מחזור פונ'ם 14־טן יאר־הונדערט, וועלכעס שטעלט פאָר די סצענע פון מתן־תורה (זעה מילגרוים, העפט 2, זייט 1). דער טעקסט, וועלכער איז ווי טאוולען אויסגעשטעלט, געפינט זיך אינ'ם אינערן פונ'ם טויער.

אינ'ם 15־טן יארהונדערט אנטוויקלט זיך די פערספּעקטיווע און מ'באקומט די מעגליכקייט צו צייכענען געבייען מיט א גרעסערן רחבות און ניט בלויז פונ'ם פראָנטאל געזעהן. דאמאלס פארלירט דער פלאכער טויער־מאָטיוו, וועלכער איז באשטימט געוועז אלס ראהמען, זיין באדייטונג. דער חלל ווערט שוין אנגעוויזן ניט דורך'ן פלאכן בויגען, נאר מ'באמיט זיך אים צו ווייזן אין זיין אויסשפרייטונג אין דער טיף. דער נאטוראליזם געפינט זיין אויסדרוק אויך אין דעם, וואס די לאנדשאפט מעג קומען צום וואָרט. די נייע ריכטונג פיהלט זיך שוין אין דעם בלאט פון דער הגדה געשריבן פון איינעם יוסף בר אפרים (געפינט זיך אין דער מלוכה־ביבליאָטעק אין מינכען, Cod. hebr. 200). דאס דאזיגע בלאט איז רעפּראָדוצירט בא אונז אויף זייט 1, די אייבערשטע פיגור — רבי יוסי הגלילי — זיצט איינפאך אויף א גראז־ביינקל, קיין שטרענגע ארכיטעקטור פארצוימט ניט אירע באוועגונגען. א גרין בערגיל, א בלויער הימעל, — ווי וואונדערליך ווירקט דא דאס פארזיכטיגע, פחדנות'דיגע דערנעהענטערן זיך צו דער נאטור! די פיגור אונטן — רבי אליעזר — ווי זי קאן שוין זיצן! ווי זי האלט דאס דעם בוך! אבער דער צוזאמענהאנג צווישען דעם בילדל און דער שריפטזייט איז שוין גאנץ לויז געוואָרן.

ס'האט געפלאצט דער שטרענגער ראמען, א כוואליע פון פרייען לעבן האט אָפּגעשווענקט די געירשענטע בוך־עסטעטיק. און אויף אזא אויפן האט אויך דער טויער־מאָטיוו פארלאָרן זיין באדייטונג. מ'האט אים אָנגעהויבן פיהלען אלס א שטערונג, אלס ענג־מאכענדיג, אלס צו פייערליך און אלטערטימליך. דערפאר האט מען אים איבערגעטראָגען אויפ'ן טיטעלבלאט פונ'ם בוך, אפגעשטופט צום יום־טובדיג אויסגעפוצטען שער־בלאַט. דאָ, פאר דעם טעקסט, קאָן ער ניט שטערען. און טאקע די אויסשטעלונג פונ'ם טיטעל־בלאט, וועלכער האט ניט קיין המשך'דיגען טעקסט, נאר קורצע אנגאבן, דהיינו: דעם נאָמען פונ'ם ספר, דעם מחבר, דעם פארלעגער און אז. וו. — אַלץ אזעלכע מיטטיילונגען, וועלכע קאָנען אם בעסטען אויסגעשטעלט ווערן טאָוול־ארטיג, — פאסט זיך אם בעסטן צו דער טויער־פאָרם.

אין אונזערע געדרוקטע ביכער פון דער רענעסאנס־צייט, פון באראָק, פון ראָקאָקאָ און עמפּיר געפינען מיר אפט דעם טויער־מאָטיוו באנוצט אויף'ן טיטעל־בלאט. זיינע פאָרמען בייטען זיך אינאיינעם מיט'ן סטיל, אמאָל איז עס די קלאסישע זיילען־ארדנונג, אמאָל זיינען די זיילען געדרעהטע, אמאָל איז עס א בויגען, אמאָל א גלייכע פלאנקע. אויפן אָרט פון די פאלמען און בלומען קומען די צורות פון משה ואהרן. דער סימבאָל פונ'ם „ארון־הברית" איז פארשטארקט געוואָרען. אין די הגדות פונ'ם 17־טן יאָרהונדערט זיינען אזעלכע טיטעל־בלעטער שכיח געוועזן.

מעהר פון אלע איז די מגלת אסתר געטריי געבליבן דעם טויער מאָטיוו. ביז צו דער שפעטסטער צייט האָט זי איינגעפאסט אירע „טירען" — אזוי פיעל ווי זי פלעגט זיי איבערהויפט באפוצן, — אין בויגען־ארכיטעקטורען.

פון אוראלטע צייטען האָט זיך דער מאָטיוו פונ'ם אָרון ווייטער געפלאנצט. אודאי האבן די ערשטע קריסטן גענאשט פון די יידישע בוך־קינסטלער, שפעטער אבער האבן זיך די ראָלן געביטן און דער שער־ראהמען אין די האנטשריפט־מאלערייען — כאָטש אלץ נאך א זכר פונ'ם אָרון הקודש — ווערט א מאָטיוו פון דער קירכען־ארכיטעקטור, וועלכע ווערט באנוצט אויך פון די יידישע אילומינירערס, און שפעטער, אין דער צייט פונ'ם בוך־דרוק, פון די גראווירערס. זיי האבן אבער איבערגענומען נאר דעם גלגול פון דער סטיל־פאָרם, הינטער וועלכער, זאָל עס זיין באראָק, אדער עמפּיר, איז סוף כל סוף געשטאנען אלץ דאס זעלבע אורבילד, אלץ די זעלבע גרונד־אידעע פון דעם הייליגען אָרון מיט די שטיינערנע לוחות פון משה־רבינו.

רחל וויסניצער־בערנשטיין.



פרויען טובל׳ען אין א מקוה נייע כלים אויף פסח. פון א אילומינירטער הגדה. בריטיש מוזעאום. Or. 2737

WOMEN WASHING NEW VESSELS FOR PASSOVER. FROM AN ILLUMINATED HAGGADAH. BRITISH MUSEUM, OR. 2737.

# די אנטוויקלונג פון דער מאָדערנער גראפיק

## די קונסט פונ׳ם ראדירען.

איך האב אמאל געהערט א זעהר שענעם אנעקדאָט וועגן
פויל מייערהיים: איינער פון זיינע תלמידים, וועמעס מאהלעכץ
ער האט זעהר שארף קריטיקירט, האט זיך פארענפערט דער־
מיט, אז ער האט ניט געקאנט ריכטיג מאלן, ווייל די פארבן
זיינען אים אויסגעגאנגען. דרויף האט אים מייערהיים גע־
ענפערט: אן דעם וועגט עס זיך גאר ניט, ליבער פריינד. דער
אלטיטשקער פראָפעסאָר נ. האט מיט גאָרטשיץ און מיט א בליי־
שטיפט די שענסטע בילדער געמאלט.

מיט די דאזיגע ווערטער האט דער בארימטער חיות־מאלער
געזאגט זעהר א וויכטיגע זאך. דאס מיינט, אז א באמת טאלענ־
טירטער מענש קאן מיט יעדן מאטעריאל, וואס אים קומט צו
די הענט, שאפן גאנץ גוטע זאכן, אזוי אז אין אמת׳ן שפילט
די טעכניק ביי דער קונסטארבייט ערשט די צווייטע ראָל,
אָדער, ריכטיגער געזאגט: די טעכניק, ד. ה. דאס האנטווערק,
איז א זעלבסטפארשטענדליכע זאך, וועלכעס דער קינסטלער
מוז האבן שוין גובר געווען. פאָרט אבער וואָלט איך געזאגט,
אז דער אנקוקער פון א קונסטווערק קאן בעסער דערפון גע־
ניסן און הנאה האבן, ווען ער ווייסט ווי אזוי ס׳איז געמאכט
געוואָרן, מיט וועלכע מיטלן ס׳איז געמאכט געוואָרן. בא־
זונדער בא דער גראפישער טעכניק איז עס נייטיג דעם בליק
פונ׳ם קונסט־ליבהאבער אויסצושארפן. דעריבער וויל איך
דא אביסל זיך דורכשמועסן וועגן דער ראדיר־קונסט.

בשעת די מאלעריי דערגרייכט איר ווירקונג דורך די פיל־
פאכיגקייט פון די פארשידענע פארביגע פלאכן, איז דאס
ראדירן באגרעניצט אויף שווארץ און ווייס. דער מאלער
ארבייט מיט׳ן נאכגיביגן פינזל, דער קריצער זעצט איבער די
טויזנטפאכיגע ערשיינונגען פון דער נאטור אין א געפלעכט
פון שטארקע און שוואכע שטריכן, וועלכע ער קריצט אויס
מיט א שפיציגער שטאלענער נאדל און דערנאך ברענט ער
זיי אויס מיט א זויער־שטאָף אויף א מעטאל־טאוול.

די התחלה פון אָט דער טעכניק איז געווען דער קופער־
שטיך. שוין אין די גרויע אלטע צייטן פלעגט מען אויס־
גראווירן אויף מעטאלענע כלים פארשידענע אויפשריפטן און
באפוצונגען, אבער ערשט אין מיטלאלטער, נעמליך אין
דייטשלאנד, און מעהר־ווייניגער דורך א צופאל, וועלכער האט
שוין אזוי אָפט געשפילט זיין פריינדליכע און ווערטען־
שאפנדע ראָל, — איז ארויסגעקומען דער דרך, אפצודרוקן
אזעלכע גראווירטע צייכנונגן אויף פאפיר. דער קופער־
שטעכערווארפט אָן זיין צייכנונג אויף א קופערנעם טאוול
בערך $1\frac{1}{2}$ ביז 3 מילימעטער די גרעב, — פארשטייט זיך, פאר־
קערט, אויף „שפיגעל“, דען דערנאך, באם אפדרוקן אויף׳ן
פאפיר, ווערט דאָך איבערגעביטן רעכטס אויף לינקס און
לינקס אויף רעכטס. דאן ווערט די צייכנונג מיט דעם קריץ־
מעסער (גראבשטיכל), — א שטאלענער אינסטרומענט אזא פון
אן ערך 12 צענטימעטער די לענג, א קאנטיגער, מיט א שפיץ,
— פארטיפט, איינגעגראבן, אָדער, ווי מ׳זאגט, „געשטאָכן“.

נאכדעם ווי די שטעכער־ארבייט איז פארטיג, קומט דער
טאוול צום דרוקער אין די הענט: ער באשמירט אים מיט
א באזונדערער, ספעציעלער אייל־פארב, וועלכע ער טרייבט
אריין מיט אזא מין קאטשעלקע אין אלע פארטיפונגען פון
דעם טאוול; די איבריגע פארב ווערט דאן אפגעווישט מיט א
לאפן. דעם טאוול לעגט מען אויף׳ן דרוק־פרעס, פון אויבן א
פייכטן בויגן פאפיר, — און ביידע צוזאמען געהן דורך
אונטער א שווערן וואלץ. דורך דעם שטארקן קוועטש ווערט
איבערגעטראגן די גאנצע פארב פון דעם טאוול און פון זיינע
קריצן אויף׳ן פאפיר. פארזיכטיג נעמט מען דאן אראפ דאס
פאפיר — און אט איז דער פראָבע־דרוק פאר די אויגן.

לויט דעם דאזיגן אפצוג ווערט דער טאוול ווייטער בא־
ארבעט. די ערטער וואס קומען ארויס צו טונקל, גלעט מען
אויס מיט׳ן פאָלירשטאל; אנדערע ערטער, וואס קומען ארויס
צו העל, באארבעט מען ווידער מיט׳ן קריץ־מעסער. פיינערע
איבערגאנגס־ליניעס ווערן געמאכט מיט א שארף־גע־
שליפענער נאדל. ווען די ארבייט שיינט צו זיין גענוג אויס־
געפוצט, ציהט מען אפ א נייעם אפדרוק, פון וועלכן מ׳זעהט
געוויינליך, אז ס׳זיינען נייטיג נאָך ווייטערע קאָרעקטורן.
אויף אזא אופן קומען ארויס די פארשידענע צושטאנדן פון
דעם טאוול.

דורך דעם שטענדיגן ווישן מיט׳ן לאפן און דעם שטארקן
קוועטש פונ׳ם דרוק־וואלץ, ניצט זיך דער טאוול ביסלאכווייז
אפ. די דינערע שטריכן ווערן אלעמאל עדלער און ביס־
לאכווייז פארשווינדן זיי גאר אינגאנצן. דעריבער פלעגט
מען פריער נעמען צו שטעכערייען, וואס האבן געדארפט
געדרוקט ווערען אין א זייער גרויסער אויפלאגע, אנשטאט
דעם ווייכן קופער — דאס פיל הארטערע שטאָל, און אויף
אזא אופן איז אנטשטאנען די שטאָל־שטעכעריי. היינט אבער
באזייטיגט מען דעם חסרון דורך דעם, וואס מען פארשטאָלט
דעם קופער־טאוול דורך גאלוואנירן. דאס דאזיגע דינינקע
שטאל־הייטל, וועלכעס פארענדערט די צייכנונג כמעט גארניט,

מאכט עס מעגליך הײנטיגע צײטן צו מאכן עטליכע טויזענט אפּצוגן לחלוטין גלײכמעסיגע אין זײער קוואליטעט פון אײן טאוול.

לאזט מען דרוקען א טאוול אין א גרויסער אויפלאַגע, דאן קריצט מען געוויינליך אויס אונטען באם ראנד „די שריפט" („la lettre"), דאס מיינט: דעם נאמען פונ׳ם גראווירער, דעם טיטעל פונ׳ם בלאט און על־פי־רוב אויך דעם אדרעס פונ׳ם פאר־לעגער. פארשטײט זיך, אז די ערשטע אפּצוגען זײנען מעהר ווערט און זײ האבען בא די קינסטלער און קונסט־סוחרים פאר־

דיגן וואקס־פלאקער, פון וואס זי ווערט אנגעצויגן מיט סאזשע. דער „עסעריגער גרונט" ווערט צוזאמענגעשטעלט פון וואקס און סמאלע.

די סאזשע פונ׳ם פלאקער פארבינדט זיך מיט׳ן „גרונט" און עס ווערט א שווארצע, אײנהײטליכע, פעסטע און דינע שיכט.

דאן נעמט מען די קריץ־נאָדל, — דאס איז א שפּיציג גע־שליפענע שטאלענע נאדעל, אײנגעפאסט אין א האָלץ־גריף — און מ׳פירט מיט איר אויס די צײכנונג אויף׳ן טאוול אקוראט ווי מ׳שרײבט מיט א פען אויף פאפיר.



רעמבראנט. — ראדירונג — די שוהל.

REMBRANDT. — ETCHING. — THE SYNAGOGUE.

FROM HERMANN STRUCK, DIE KUNST DES RADIERENS. PAUL CASSIRER VERLAG.

שידענערלײ באצײכנונגען. בכלל רופט מען זײ „די דרוקן פון פאר דער שריפט" אָדער „אויסנעמליכע דרוקן". אויף זײ שטעלט דער קינסטלער געוועהנליך זײן אײגענהאנדיגע חתימה מיט א בלײשטיפט.

מיר האבן געשילדערט דעם אופן, ווי אזוי ס׳ווערט גע־מאכט דאס קופערשטעכן. דאס אײגענטליכע ראדירן אונטער־שײדעט זיך פון דעם דערמיט, וואס די צײכנונג ווערט געמאכט ניט מיט דער קראפט פון דער האנט, נאָר זי ווערט פארטיפט אויף דעם קופער־טאוול דורך ווירקונג פון א זויערן שטאָף.

אויף דעם שטארק אנגעהיצטן קופערנעם טאוול לעגט מען ארויף א ביסל „עסעריגן גרונט" און מיט א לעדערנעם וואלץ ווערט ער דין פארשפרײט. די אויף אזא אופן „געגרונטע־וועטע" זײט פון טאוול, וועלכער איז, אגב, פארשרויפט אין א צוואנג, האַלט מען, מיט׳ן פנים אראפ, איבער א ברענענ־

דורכשנײדענדיג דעם גרונט און לײכט קריצענדיג אויף׳ן קופער, קומען ארויס די געצײכענטע שטריכן העל־רויט אויף׳ן שווארצן גרונט.

דאן לײגט מען דעם טאוול אין א שיסל מיט צעלאזטן זויערן שטאָף (סאלפּעטער־זײער, אײזענכלאָריד אָדער זאלץ־זײער), ווען עס עסעריגע ווירקונג ברענט ארײן די שטריכן אינ׳ם קופער ארײן. דאָרט וואו דאס קופער איז מיט׳ן גרונט צוגעדעקט, ווירקט די עסעריגע זויערקײט ניט.

מ׳נעמט דאן ארויס דעם טאוול, מ׳שווײנקט אים גוט אפּ מיט וואסער און מ׳טרוקענעט אים אפּ.

וויל מען, אז אײנציגע טײלן פון דער צײכנונג זאָלן זיך שטארקער אײנעסען, פארדעקט מען יענע שטיקער, וועלכע דארפן בלײבן העל, מיט אספאלט־לאק.

אז מ׳לײגט דערנאך דעם טאוול ווידער אין א שיסל מיט זײער, ווערען יענע, פארדעקטע, שטעלן שוין ניט בא־



א בלינדער. | ראדירונג. | יסף איזראעלס.
BLIND MAN. | ETCHING. | JOZEF ISRAELS.



FROM HERMANN STRUCK, DIE KUNST DES RADIERENS. PAUL CASSIRER VERLAG.

ווירקט פונ׳ם עסעריגען שטאָף. און אז מ׳חזרט איבער אט די באהאנדלונג וויפיל מאל מ׳ווילן, קאן מען באקומען די פאר־שידענסטע מדרגות פון שטארקייט אין די אויסגעקריצטע שטריכן.

די ערטער, וואס בלייבן נאך אָפּן באם לעצטן „איינעסען", געבן דערנאָך באם אפדרוקן די סאמע שווארצע שטריכן.

נאכדעם ווי ס׳איז געענדיגט דאס איינעסען, ווישט מען אפ מיט טערפענטין דעם גרונט און דעם אספאלט־לאק, — און אָט האט מען פאר זיך די גאנצע צייכנונג פארטיפט אינ׳ם טאוול.

ארויס די דאזיגע פיגורן פון דער טונקעלקייט צו דער ליכטיגקייט, און מיט וואָסערע פשוט׳ע מיטלען די דאזיגע ווירקונג ווערט עס דערגרייכט! דאס דאזיגע בלאט איז זיכער איינס פון די שענסטע צווישן די רייכע ווערק פון אָט דעם גרויסן מייסטער, און נעבן דעם בארימטן „הונדערטגולדן בלאט", נעבן דער „לאנדשאפט מיט די דרייביימער" און דעם פרעכטיגן, פון אינווענינגסטער באזעעלונג דורכגענומענעם בילד פון זיין מוטער, — ווערט עס אלעמאל ווידער אויסאיבן זיין געוואלטיגן כשוף.



קינדער באם ים־ברעג — CHILDREN AT THE BEACH.
ראדירונג. — ETCHING.
יוסף איזראעלס. — JOZEF ISRAELS.

FROM HERMANN STRUCK, DIE KUNST DES RADIERENS. PAUL CASSIRER VERLAG.

דאן לאזט מען מאכן, אזוי ווי מיר האבן שוין פריהער געשילדערט, דעם פראָבע־אפדרוק און מ׳בֿאארבעט ווייטער דעם טאוול, אויך אזוי ווי אנגעוויזן, מיט דער נאדל, מיט נייע איינעסונגען און מיט דעם פּאָליר־שטאל.

אלסביישפיל פאר די ראדירונגען דינט רעמבראנדט׳ס גראַווואור „די סינאגאָגע" (זייט 10). רעמבראנדט׳ן קאן מען באטראכטן אלס דעם אייגענטליכן באגרינדער פון דער ראדיר־קונסט, און נאָך היינט דינט ער אלס לעבעדיגער פּאָרבילד פאר יעדן קינסטלער, וואס נעמט זיך צו דער נאדל, און דער ווערט פון זיינע ראַדירונגן פאר ליבהאבער און זאמלער שטייגן מיט יעדן טאג. דאס וואונדערליכע שפיל פון ליכט און שאטן אין אָט דעם בלאט, איז דער אמת׳ער מוסטער פון רעמבראנדט׳ס העל־טונקעל. ווי פלאסטיש ס׳טרעטן

אויף דעם זעלבן אופן זיינען אויסגעפירט אויך די ראדי־רונגען פון איזראעלס און ליבערמאן, ווי אויך פונ׳ם מחבר פון אָט דעם ארטיקל, וועלכע מיר געבן דא.

דער גרויסער האָלענדישער ייד **יוסף איזראעלס** איז געווען דער אנגעזעהנסטער מאלער פון זיין לאנד. די „שפּילענדע קינדער באם ים־ברעג" (ז. 12) זיינען איינע פון די שענסטע ראדירונגן. דעם מאָטיוו קענען מיר פון איניגע זיינע מאָלעכצן; זיינען דאָך די תמימות׳דיגע לידער, וואס ער זינגט פונ׳ם לעבן פון די האָלענדישע פישער־קינדער, איינס פון די אנציהענדיגסטע קאפּיטלעך אינ׳ם בוך פון זיין קונסט. מיט עטליכע ליניעס פארשטייט ער אין אָט דעם בלאט אלעס צו זאגען. און מיר פילן אויף דעם קליינינקן שטח די פרישע לופט און די אומענדליכע ווייטקייט פון דעם האָלענדישן ים.

**מאקס ליבערמאן** איז דער וועג־אויסטרעטער פון דער מאָדערנער קונסט־אויפפאסונג אין דייטשלאנד. דאס פּראָבלעם



א פוילישער ייד· POLISH JEW. | ראדירונג· ETCHING. | הערמאן שטרוק· HERMANN STRUCK.



FROM HERMANN STRUCK, DIE KUNST DES RADIERENS. PAUL CASSIRER VERLAG.

פון די „באדענדיגע ייִנגלאך״ (ז׳ 14) האט אים אָפּט באַ־
שעפטיגט. ס׳זיינען נאָך אלץ דא מענשן, וואס מיינען, אז
ליבערמאן צייכענט ניט גענוג „פּינקטליך״, אז אלעס בא אים
איז נאָר „אזוי אויף גיך אנגעווארפן״. אָט די דאָזיגע לייט בעט
איך נאָר אויף אונזער בלאט זיך צוצוקוקן, ווי אזוי יעדער
פון אָט די ייִנגלאך שטעהט אויף זיינע פיס. יעדער אנדערש
און גראד אויף דעם אופן, ווי ס׳איז נייטיג און איינציג ריכטיג,
לויט די מאָמענטאנע באוועגונגען זיינע. מ׳זעהט באשיינפּער־
ליך ווי ס׳ציטערט פאר קעלט דער דריטער ייִנגל פון רעכטס.

בעסטן זעהן אין ג ל י צ ע נ ש ט י י נ ס קאלטנאדעל־ראדירען, אין
וועלכע מ׳קאן אויסלערנען די גאנצע אייגענארטיגקייט פון
דעם דאזיגען קינסטלער. די כאראקטעריסטישע ליניעס פון אָט
דעם לעבענספולן פנים ווערן מיט ווינציגע קרעפטיגע שטריכן
איינגעפאנגען (ז׳ 16).

פאראן נאָך אן ארט ראדיר־ארבעט, וועלכע ווערט אויך,
ווי דאס קופערשטעכן, היינטיגע צייטן ווייניג באנוצט. אמאל



מ א ק ס ל י ב ע ר מ א ן. ראדירונג באדענדיגע ייִנגלאַך.

MAX LIEBERMANN. ETCHING. BOYS BATHING.

FROM HERMANN STRUCK, DIE KUNST DES RADIERENS. PAUL CASSIRER VERLAG.

און וואונדערשיין איז עס ווי אזוי דער ייִנגל אויף סאמע
לינקס באלאנסירט אויף איין פוס און ווייזט אויס ווי ער
שאָקעלט זיך אהין און אהער.

די טאוולן, וואס ווערן אויסגעארבעט אָהן עסעריגן שטאָף,
נאָר מיט דער נאדל אליין, רופט מען „ק א ל ט ע נ א ד ל״
(pointe sèche). דא קריצט מען פשוט אויס מיט א שפּיציגער
„קריץ־נאדל״ די גאנצע צייכנונג אויף׳ן קופערנעם טאוול.
וויל מען האבן א טונקלען שטריך, קריצט מען טיפער. דער
קופער־שטויב, וואס ווערט ארויסגעשטופּט באם קריצן, לייגט
זיך אויף די זייטן באם ראנד פון די שטריכן; ער קאן
מיט א שאבער אפגעריבן ווערן. לאזט מען אים אבער
שטעהן, גיט ער צו דעם שטריך א טונקלען, סאמעטיגן
טאָן און א מין פארשוואומענע ווייכקייט. דאס לאזט זיך אם

אבער איז עס זעהר באליבט געווען. דאס איז – די פּ ו נ ק ט י ר־
מ א נ י ר.
מ׳שטעלט ארויף אויף׳ן טאוול א מין אָהל אזעלכע און
מ׳קלאפּט אויף איר מיט א האמער. ס׳באקומט זיך א פּונקט.
פון פיל אַזעלכע פּונקטן ווערט א גאנצער פלאך. אויף אזא,
אביסל שווערן און בעל־מלאכה־שען אופן, פלעגט מען אמאל
אויסאיבן א באזונדער מין קופערשטעכן. איינינע מייסטערס
האבן דערינען באוויזן א שטוינענסווערטע קונסט.

עטליכע ווערטער וויל איך נאָך דא זאגען וועגן דער קונסט פון
שאבען, וועלכע מ׳רופט: מ ע צ אָ ט י נ ט א. מיט א וויגאייזן אדער
א גראניר־שטאל, געהט מען איבערן טאוול אין דער לענג און
אין דער ברייט, אזוי לאנג ביז ער ווערט אינגאנצן פּאָלקאָם
צורינצלט. באם אפּדרוק וועט דער דאזיגער טאוול געבן א

פּאָלקאָם טיף־שווארצע, סאמעטיגע פלאך. מיט׳ן שאבמעסער און שאבער ארבייט מען אבער ערשט ארויס די מיטעלע טענער און דאן ביסלאכווייז אויך די העלערע און סאמע העלסטע.

ס׳איז קלאר, אז אזא טעכניק טויג נאָר פאר פלאכן פון העל און טונקל, וואס געהן ווייך איבער איינער אין אנדערן; דאגעגן אבער איז זי ניט אזוי גוט פאר א אימפּרעסיאָניסטישער ארט פון צייכנען. דערפאר אבער האט זי אין זיך אזא זעלטענע שענקייט, אז אויך היינטיגע קינסטלער כאפּן זיך אלעמאל צו׳ן איר.

די ענגלענדער פונ׳ם 18־טן יארהונדערט האבן די דאזיגע ארבייט אנטוויקלט צו א אונגלויבליכער פּאָלקאָמענהייט און זיי פלעגן דרוקן אזעלכע בלעטער אפט פארביג, מיט איין אָדער עטליכע טאוולן.

וועגן דער אקוואטינטא. וויל מען מאכן ניט קיין ליניעס, נאר פלאכן, וועלכע זאלן האבן דעם עפעקט פון א מין טוש־צייכנונג, באנוצט מען זיך מיט אקוואטינטא־טעכניק.

מ׳באשטויבט דעם טאוול מיט פיינסטן קאָלאָפאָניום־פּראָשעק, מ׳האלט אים דאן איבער א פלאם, און מ׳לאזט אויף אזא אופן דעם קאָלאָפאָניום־שטויב איינשמעלצן. אצינד באדעקט מען מיט א פּינזל און מיט לאק יענע שטעלן, וועלכע מ׳וויל לאזן ווייס אויף׳ן דרוק, און מ׳לייגט אריין דעם טאוול אין דער שיסל מיט זייער־וואסער. נאך א קורצער צייט פון איינעסערן, באווייזט זיך דער ניט־באדעקטער טייל פונ׳ם טאוול אנגעצויגען מיט א גרויען טאָן. איצט קאן מען ווידער א מאל באדעקן געוויסע טיילן פונ׳ם טאוול און ווידער אים איינעסערן, און אזוי איבערחזרן וויפיל מאל מ׳וויל, כדי צו באקומען די פארשיידענסטע מדרגות פון שווארץ. די ערטער, וואס בלייבן ביים לעצטן מאל אָפן, געבן אין דרוק די גרעסטע טונקעלקייטן. בכלל באנוצט מען זיך מיט דער אקוואטינטא אלס צוגאב צו דער שטריכן־ראדירונג, באזונדער פלעגט דער שפּאנישער מאלער און ראדירער, ג ו י אָ, כמעט אלע זיינע ראדירונגען באארבעטן מיט אקוואטינטא, אייניגע בלעטער זיינע האט ער אבער געמאכט גאר אהן דער נאדל, נאָר אויף ריין אקוואטינטישן אופן.

„ווערני מו״ (**Vernis mou**), אדער ווייך־גרונד, — מיינט די באארבייטונג פון דעם עסעריגן גרונט. די דאזיגע טעכניק איז זעהר רייצענד און אינטערעסאנט, און דערביי זעהר לייכט צום ארבייטן. דער בעלגישער קינסטלער, פ ע ל י ס י ע ן ר אָ פּ ס, האט זי געבראכט צו גרויס שלמות. מען פארפארטיגט דא דעם טאוול מיט א עסעריגן גרונט, וועלכער ווערט אבער ניט פארהארטעוועט, נאָר ער בלייבט ווייך און עלאסטיש. מ׳לייגט דאן ארויף צו צום טאוול א בלאט פאפיר און מ׳צייכנט אויף דעם מיט א הארטן בליישטיפט, פונקט אזוי ווי מ׳צייכנט בכלל. אז מ׳נעמט דערנאך אראפ פּאָרזיכטיג דאס פאפיר פונם טאוול, ווייזט זיך ארויס, אז אויף דעם גרונט איז איינגעגראבן די גאנצע צייכנונג. דאן עסערט מען דעם טאוול, אזוי ווי מיר האבן שוין באשריבן, און מ׳באקומט אויף אזא אופן א קערנדיגן שטריך, וועלכער ווירקט אן־ערך ווי א קרייד־שטריך, אין געגענזאץ צו דער שארפער נאדל־ליניע.

דער קופער־טאוול איז דאס בויגיגסטע מאטעריאל, וואס מ׳קאן זיך נאר פּאָרשטעלן, און ער לאזט זיך פארבינדן מיט אלערליי אופנים פון טעכניק. א חוץ די דא געשילדערטע ארבייטן, איז דא נאך א גאנצע רייה אופנים. פאר אנ׳אויפמערקזאמען באטראַכטער זיינען אבער שוין גענוג אָט די קורצע אויפקלערונגען, ער זאָל קאנען באשטימען וועגן די מייסטע ראדירונגן מיט וועלכער טעכניק זיי זיינען געמאכט געוואָרן. מ׳דארף נאָר נעמען אין א קופערשטעך־קאבינעט, אָדער אין א קונסט־אויסשטעלונג, גראפישע בלעטער פון פארשידענע טעכניקן, זיי אנקוקן איינס נעבן דעם אנדערן און אויפמערקזאם זיי פארגלייכן. און זיכער איז, אז וואס מעהר מ׳וועט נאכפּאָלגן דעם קינסטלער אין זיין ווערקשטאט, אלץ מיט העכערן תענוג וועט מען קאנען זיך אפגעבן דעם באטראכטן פונ׳ם קונסטווערק.

ה ע ר מ א ן ש ט ר ו ק.

# אין שטוב פארהאקטער.

אין שטוב פארהאקטער
שטעהען איינגעשרומפן חפצים,
צערוקטע,
אפגעלאזטע,
ווארטן מיט מרה-שחורהדיגע אונטערשאטנס,
שאטענס־קינדער, —
אויף א שטראליכל,
אויף א פונק;
אויף א האזעלע —
פון די פארהאקטע פענסטער.

אוי, זיי גלויבן גארניט,
אז אינדרויסן זון איז,
אז זי טריקנט נעזער ביי חזירים,
קושט די מילבן־מיילעכלאך אויף שטויב.

די שטוב־וואזאנעס
דארן אין די ווארצלען —
שארן שטאר
מיט פארשטיינטע בלעטער־שארפן
א דורכנויגנדיגן קאפ.

מיינע אלטע שוועסטער,
מיידלאך מיד־פארזעסענע,
אויסגעשטארטע קינבאקן,
פון צאפלען פון ווארטן —
דרייען קראנקע זיך ארום,
שווייגנדיגע, שטומע.

איינע נאר, פאמעליכן
ציהט אראפ מיט דינע פינגער
ווייסע פארהענגלאך פון פענסטער,
ציהט ארויס פון זיי אטשקורלאך
און ציהט —
פלעכט עפעס פון זיי.
איינע נאַר, פאמעליכ׳ן
גלעט זיך ווייסן, ווייסן האלז פארליגערטן
און מיר ווארטן,
מיר וועלן זיך דערווארטן.

ל. קוויטקא.



יעקב שטיינהארד　　קאַלטע נאָדל　　שטוב־סצענע

מיט ערלויבעניש פונ׳ם אייפאָריאָן־פארלאג, בערלין.

JACOB STEINHARDT　　DRY POINT　　IN THE FAMILY

BY KIND PERMISSION OF THE EUPHORION VERLAG. BERLIN.

# לעאָנאַרדאָ־דאַ־ווינטשי



י רענעסאַנס־עפּאָכע, וועלכע האט ארויסגעגעבן לעאָנאַרדאָ, איז געווען די עפּאָכע פון ערפינדונגען, אויפטועכצן און נצחון־פריידי. דער ראַציאָנאַליזם, וועלכער האט געהאָלפן צו אנטוויקלען די פּרעציזע וויסענשאַפט, באווייזט זיך אויך אין דער קונסט. אויך אין דער קונסט איז דאס געווען אצייט פון ערפינדונגען און אנטדעקונגען. יעדעס יאר ווערן אנטדעקט נייע פאקטן אין דער מאלעריי און די מענשליכע געשטאלט, געמאָלט אויף לייוואנדט און געשניצט אין מאַרמאָר — דאס זיינען די שענסטע ערצייגונגען פון דער רענעסאַנס־צייט.

צוויי שטרעבונגען זעהען מיר אין דער קונסט פון יענער צייט: די אריסטאָטעלשע שטרעבונג און די פּלאטאָנישע שטרעבונג.

באָבאַכטונג, וויסנשאַפט, ערפאָרשונג פונ׳ם ממשות׳דיגן, פון דער ווירקליכקייט — דאס איז די אריסטאָטעלשע שטרעבונג; דאס זוכען פון דער נשמה, זעלישן פרידען און אינעוויינִיגסטע באפרידיגונג — דאס איז דער פּלאטאָנישער שטרעבן.ביידע שטרעבונגען זיינען צונויפגעקומען און זיך צונויפגעגאָסען אין לעאָנאַרדאָ־דאַ־ווינטשי. דער דאזיגער גרויסער גאון איז, לויט זיין גאנצן מהות, א ראַציאָנאַליסט, א ערפינדער, א ענטדעקער, א פאָרשער, דער מאן פון דער ווירקליכקייט. זיין אידעאַל איז אריסטאָטעלעס. אבער אויך פּלאטאָנ׳ס „אידעע" דרינגט אים דורך. דער ראַציאָנאַליזם גופא ווערט בא אים א סימבאָל, א רמז אויף עפּיס־וואָס העכערעס, אויף דער פּלאטאָנישער „אידעע". לעאָנאַרדאָ דער קינסטלער, איבערגעבענדיג אונז מיט זיין פּינזעל דאס ערהאבענע, דעקט ער אויף פאר אונז אויך דאס פארבאָרגענע, דאס סודות׳דיגע.

לעאָנאַרדאָ איז געבוירן געוואָרן אין יאר 1452 אינ׳ם קליינעם שטעטיל ווינטשי נעבען פלאָרענץ. ער איז געווען די פרוכט פון א פארבאָטענער ליבע. די מוטער איז געווען א קעלנערין אין א שענק, וועלכע איז פארפירט געוואָרן דורך׳ן פלאָרענצער נאָטאריוס. דער אנדענקן פון דער מוטער איז לעאָנאַרדאָ׳ן פארבליבן זעהר נעפּלהאפט, ווי אין א חלום. דער עיקר אבער האט ער געדענקט איר פארגניגט לאכן, וועלכעס ברעכט אויס מיט אמאָל און לאָזט איבער אזוי ווי עפּיס א ניט אויסגעזאגטן סוד. ווער ווייסט צו איז דאס ניט טאַקע דער געלעכטער, וועלכן מיר זעהן אויף לעאָנאַרדאָס מאָלערייען — יענע אומשטערבליכע שאפונגען, וואס זיינען אונז פון אים פארבליבן.

נאָך גאר א קליין קינד האט מען לעאָנאַרדאָ׳ן צוגענומען בא דער מוטער און אוועקגעגעבן צו דערציהן באם זיידן פון פאטערס צד. דער פארלעסליכסטער מקור פאר לעאָנאַרדאָס ביאָגראַפיע איז וואַזאַרי, דער בארימטער קונסטקריטיקער, וואס האט געלעבט מיט לעאָנאַרדאָן אין איין צייט. פון זיינע זכרונות דערוויסן מיר זיך, אז לעאָנאַרדאָ האט אויסגעזעהן ענליך צו זיין מוטער קאטערינא, באזונדערס מיט די לאנגע דינע הענט, מיט די זייד־ווייכע גאָלדקרייזלען און מיט דעם שמייכל אויף די ליפּן. פונ׳ם פאטער האט ער גע־ירשה׳ט א געזונטן שטאטנע קערפּער און לעבענס־לוסט; פון דער מוטער — פרויען־צארטקייט.

דער אלטער האט געוואָלט מתקן זיין דעם זוהן׳ס עולה און ער האט קאטערינאן חתונה געמאכט פאר עפּיס איינים א פויער אין שכנישן דאָרף. קאטערינא איז אלזאָ פארבליבן נאָהנט פון איר קינד און האט געהאט די מעגליכקייט צייטענווייז בגנבה אים זעהן. דאס פלעגט געשעהן על פי רוב ווען דער אלטער האט זיך צוגעלעגט שלאפן בא טאג. דאן פלעגט לעאָנאַרדאָ אוועק מיט די גערטנער, שפּרינגען איבער פלויטן און לויפן צו דער מוטער, וועלכע פלעגט אים שוין אפּווארטן זיצענדיג בא זיך אויף דער פּריזבע מיט דער ווערעטענע אין האנט. ווי נאָר זי האט אים דערזעהן פון ווייטן, פלעגט זי שוין אים אקעגן לויפן מיט אויסגעשפּרייטע ארימס, אין וועלכע דאס קינד האט זיך אריינגעוואָרפן. דאן פלעגט זי אים נעמען האלזן און קושן אָהן א שיעור אין געזיכט, אין די ליפּן, אויף די האר. נאָך רירענדער פלעגן זיין זייערע באגעגענישן אין די נעכט. דאס פלעגט טרעפן ווען דער אלטער פלעגט, ווי זיין געוואוינהייט, אוועקגעהן אין די אָוונטן אין שענק אריין אָדער צו שכנים, שפּילען אין קארטן. דאן פלעגט לעאָנאַרדאָ שטיל אויפשטעהן פון זיין בעטעל, וואס איז געשטאנען נעבען דער באבען און האלב נאקעט פלעגט ער עפנען דאס פענסטער און פון הויכן פענסטער פלעגט ער אראפּשפּרינגען אויף א צווייג פונ׳ם נאהנטן טייטעלבוים און פון אים שוין אויף דער ערד. דאן פלעגט ער נעמען לויפן צו קאטערינען. ס׳איז אים ליב געווען דאס קאלטע פייכטע גראז ווי דאס געזאנג פון די נאכטפויגעל, די בריהען פון דער קראפּיווע און די וואונדן פון די שארפע שטיינדליך אויף די בארפיסע פיס, ווי דער בליאסק פון די גלינצענדע ווייטע שטערן אין הימעל. און ס׳האט אים אויך אנגענעם געדייצט די מורא טאָמער כאפּט זיך אויף די אלטע און דערשפּירט, אז

ער איז ניטא און טאָמער חלילה וועט מען זיך דערוויסן פון זיינע פארבאָטענע קושן מיט דער מוטער. און אריינכאפענדיג זיך אין דער פינסטער צו דער מוטער אין בעט אריין, פלעגט ער זיך צו׳ן איר צודריקן מיט׳ן גאנצן קערפער אונטער דעם ווארימען צודעק.

די ערשטע למודים, לעזן און שרייבן, האט אים געלערנט דער זיידע. זיי האבן אבער ניט געהויזט און לעאָנאַרדאָ האט ניט גאר ווילענדיג זיך צוגעהערט צום זיידנס לעקציעס. צו זיבן יאר האט מען אים אפגעגעבן אין א קירך־שול, אבער אויך דאָרט האט ער קיין גרויסע פעולה ניט געהאט. אָפטמאל אוועקגעהענדיג פון דער היים אין שול אריין, האט ער זיך גאר פארנומען און אוועק ערגיץ אין א פארלאזענעם טאל, דארט האט ער זיך צושפרייט אויף דער ערד נאַזענדיג און שעה׳ן־ווייז געקוקט מיט קנאה אויף די שטאָרכן, וואס טראגן זיך גרופעס־ווייז אין דער לופטן, אדער ער האט זיך גענומען עפענען די בלעטליך פון בלומען ניט אפפליקענדיג זיי, און זעהר פאָרזיכטיג, ניט צו פארדארבן זיי. האט ער זיך גענומען איינקוקן אין זייער ווא‌ונדערפולן צארטן בוי.

און ווען דער אלטער פלעגט פארן געשעפטליך אין שטאט אריין, האט לעאָנאַרדאָ שוין גאר געהאט א טייערע געלעגנהייט זיך אוועקלאזן אויף א פאר טעג אין די בערג. פאר דער באבע האט ער קיין מורא ניט געהאט, דען זי איז געוועזן א גוטינקע. און דאָרט, אין פערגעסענע שטעטליך, איבער אפגרונטען און סקאלעס, פלעגט לעאָנאַרדאָ קלעטערן ביז ארויף צו די שפיצן פון די נאקעטע בערג און פון דער הויך האט ער מיט פארגניגן באקוקט די ברייטקייט פון דעם פלאכלאנד, וואס אנטפלעקט זיך פאר אים פון דער ווייטענס, אויף די וועלדליך און אָזערעס, אויף די אלפענבערג מיט שניי באדעקט. צעהרגעט פון די שטיינער און צווייגן, אפגעברענט און פארשטויבט, אבער אויפגעלעגט און פריילין, פלעגט ער זיך דערנאך אומקערן א היים און די אלטיטשקע האט ניט געהאט קיין הארץ אויף אים זיך אנצובייזערן אדער גאר אים אויסגעבן פאר׳ן זיידן.

אזוי האט דער יינגל געלעבט זיין איינזאמען לעבן. דעם פעטער און פאטער, וועלכע זיינען צו׳ן אים גוט געווען, פלעגט ער זעהן זעהר זעלטן, דען זיי האבן געוואוינט אין פלאָרענץ. נאָר צייטווייז פלעגן זיי קומען זיך זעהן מיט אים. מיט די חברים פון שול האט ער גאר קיין מגע ומשא ניט געהאט. זייערע שפילען זיינען אים פרעמד געווען. און ווען זיי פלעגן נעמען און אפרייסן באַם שמעטערלינג די פליגעליך און הנאה האבן פון זיינע יסורים, פלעגט ער ווערן בלאס און דאס געזיכט האט זיך אים אזש פארקרימט פון וועהטאָג, און ער פלעגט פון זיי אפטרעטן אן א זייט. איינמאל האט ער דערזעהן ווי די אלטע ניאניע האט געסמאליעט א חזיר לכבוד חָגא, איז אים אזוי ניט גוט געוואָרן, אז ער האט א צייטלאנג עקשנות׳דיג זיך אפגעזאגט פון פלייש עסן, ניט אויסזאגנדיג קיינעם די סבה פון דעם.

זיין שילער פראנציסקאָ דערצעהלט אין זיין טאגבוך, אז אפטמאל פלעגט לעאָנאַרדאָ שטעהן אין א וועלדיל און מיט א שמייכל באטראכט די גרינע גרעזליך, וואס שפראָצן ארויס צווישן די פארוויאנעטע בלעטער פון פארגאנגענעם יאר, די ביהן, וועלכע, פארמאטערט פון׳ם לאנגן ווינטערשלאף, שלעפט זיך קוים ארויף צום בעכער פון דער בלום, וועלכע האט נאָך ניט באוויזן זיך צו אנטוויקלען. ארום הערשט א טויטע שטילקייט, אז פראנציסקאָ הערט דאס קלאַפען פון זיין הארץ. מיט א גרויל הויבט ער אויף די אויגן אויפ׳ן מייסטער; פון די האלב־דורכזיכטיגע צווייגן שלאגט דורך א שיין און זי פאלט אויף זיינע גאָלד־האר, אויף זיין לאנגער בארד, אויף זיינע נידריגע און לענגליכע אויגן־ברעמען, און דער גאנצער קאָפּ זיינער איז פארפלייצט פון העלן ליכט; דאס געזיכט אבער איז רוהיג און מאיעסטעטיש. אין דעם מאָמענט — זאגט פראנציסקאָ — האט לעאָנאַרדאָ אויסגעזעהן ווי דער אלטערטימליכער פאן (גאָט פון פרוכט), וועלכער הערט זיך איין צום וואקסן פון׳ם גראז, צום רויש פון די קוואלן אין דעם ערד־געדערים, צו די אויפוואכענדע, באהאלטענע כחות פון דער נאטור . . .

זיינע ערשטע שטודיען האט ער אנגעהויבן גאנץ צופעליג. דער בארימטער ארכיטעקטאָר ד ע ־ ר א וו ע נ א, דער שילער פון׳ם גרויסן אלבערטי, האט געבויט א ווילע ניט ווייט פון ווינטשי. לעאָנאַרדאָ אלס קליינער יינגל פלעגט אָפט קומען אהין זיך צוקוקן צו די בנינים. איינמאל האט ראוועגא פארפירט מיט אים א שמועס און איז דערשטוינט געוואָרן איבער זיין קלארן פארשטאנד. ער האט גענומען מיט אים לערנען אריטמעטיק, אלגעברא, מעכאניק. לכתחלה איז דאס פאר ראוועגאן געווען גלאט אזוי א שפיל, א צייטפארברייננג. שפעטער אבער האט ער דעם יינגל ליב געקריגן. ער האט זיך געוואונדערט איבער לעאָנאַרדאָס מוראדיגע תפיסה: ער האט ניט באוויזן אויסצוברייגגען דעם דבור פון׳ם מויל און דער שילער האט שוין אלעס פארשטאנען, גלייך ווי ער וואָלט שוין לאנג פון דעם אלעמען געוואוסט, און מ׳האט אים איצט נאָר אָן דעם דערמאָנט.

ווען לעאָנאַרדאָ איז אלט געוואָרן דרייצען יאר, האט אים דער פאטער גענומען פון ווינטשי צו זיך קיין פלאָרענץ. אויך דא האט אים דער צופאל צוגעשפילט צו געניסן פון די למודים בא ט א ס ק א נ ע ל י, וועלכער איז אין זיין צייט געווען א בארימטער נאטורפאָרשער, א מאטעמאטיקער, פיזיקער און אסטראָנאָם.

טאָסקאנעלי האט געלעבט איינזאם. איינמאל, דאס איז געווען אין יאר 1470, מעלדעט זיך צו׳ן אים אין אוונט א אומבעקאנטער יונגערמאן, כמעט א קינד. טאָסקאנעלי האט אים אויפגענומען זעהר קאלט, ווייל ער האט געגלויבט, אז ער איז צו׳ן אים געקומען בלויז אויס נייגיריגקייט. אבער ארייגגעהענדיג מיט אים אין שמועס, איז ער אויך, אזוי ווי ראוועגא, פארגאפט געוואָרן איבער די ריזיגע פעהיגקייטן און געניאליטעט פון׳ם יינגל אין מאטעמאטיק און ער האט זיך גענומען מיט אים לערנען. פון טאָסקאנעלי האט לעאָנאַרדאָ איבערגענומען זיין גאנצע קענטניש אין נאטור־וויסנשאפט.

דער פאטער האט אים ניט געשטערט צו לערנען און דערזעהענדיג, אז ער מאלט און צייכענט כסדר, האט ער באוויזן איינעגע פון די ארבייטן דעם מאלער און סקולפטאָר א נ ד ר י י אַ ־ ד ע ל ־ וו ע ר אָ ק י אָ. יענער איז ערשטוינט געוואָרן פון דעם אויסערגעוועהנליכן טאלענט פון׳ם יינגל און האט אים גענומן צו זיך אין ווערקשטאט. פון דעמאָלט אן

האט לעאָנארדאָ געלערנט דאָפעלט: וויסענשאפט בא טאָסקאנעלי; קונסט בא ווערראָקיאָ. מיט לעאָנארדאָס ארײַנטרעטן צו ווערראָקיאָ אין זיין ווערקשטאט — ער איז דעמאָלט אלט געווען אכטצען יאר, — איז ביידענס גורל אנטשידן געוואָרן. צו יענער צייט האבן די מאָנאכען באשטעלט בא ווערראָקיאָ דאס בילד „די טבילה פונ׳ם ערלעזער”. אין דעם בילד האט לעאָנארדאָ אויסגעמאלט דעם קניענדען מלאך — און דאס איז געווען איינע פון די קונסט־וואונדער. אלעס, וואס ווערראָקיאָ האט געפילט מיט א ניט־קלארן געפיל, וואס ער האט געזוכט און נאך דעם געטאפּט, ווי א בלינדער, — דאס האט לעאָנארדאָ תופס געווען מיט דער געוואלטיגער אינטויציע פון זיין טאלענט און ער האט עס פארווירקליכט אין אָט דער איקאָנע.

די ערשטע אייגענע שאפונג פון לעאָנאַרדאָ איז געווען זיין געמעל פאר א זיידענעם וואנט־טעפּיך, וועלכן די פלאָרענצער בירגער האבן געמאכט א געשענק פאר׳ן פּאָרטוגיזישן קעניג. ער האט דאָרט אויסגעמאלט די סצענע פון דער ערשטער זינד. דאס געמעל האט צו׳ן אונז ניט דערלאנגט.

נאך אָט דער ארבייט האט ער געמאכט א צווייטע אויף באשטעלונג פונ׳ם פאטער, פאר א שכן, פון וועלכן ער פלעגט האבן אמאל א טובה. דער פאטער האט אים געבעטן אויסצומאלן עפּיס אויף א קיילעכיגן הילצערנעם שילד. אין יענע צייטן פלעגט מען באצירן די הייזער מיט געמאלטע שילדען, אויף וועלכע מ׳פלעגט שטעלן סימבאָלן און אויפשריפטן. לעאָנאַרדאָן איז איינגעפאלן אויסצומאלן א שרעקבילד פון א חיה, אז ווער ס׳וועט זי דערזעהן זאָל פארציטערט ווערן, ווי פונ׳ם קאָפּ פון דער מעדוזע. צוליב דעם האט ער זיך פארשלאָסן אויף עטליכע טעג אין א באזונדער צימער, וואוהין ער האט צונויפגעקליבן אלערליי פראָשן, שלענג, עגדישן, שפינען, פלעדערמייז און נאָך אזוינע עקלהאפטע באשעפענישן, און ער האט קאָמבינירט זייערע גלידער, זיי פארגרעסערט און „פארפאָלקאָמט”, ביז ס׳האט זיך בא אים באקומען א גאנץ־איבערטריבענע, אומנאטירליכע, אומגעהויערליך עקלהאפטע און שרעק־אָנווארפענדע באשאפעניש, אבער אזוי פול מיט לעבן, אז ווען דער פאטער האט זי דערזעהן צום ערשטן מאל איז ער פארצאפּלט געוואָרן פון שרעק און א פארצווייפלטער שריי האט זיך בא אים ארויסגעריסן פונ׳ם מויל. נאָך גרעסער אבער איז געווען דאס וואונדער, וואס דאס דאזיגע שרעקנסבילד האט אין דערזעלבן צייט געווירקט באצויבערנד און צו זיך געצויגען דאס אויג!

לעאָנאַרדאָ פלעגט ליב האבן ארומשפּאצירן איבער רוישנדיגע גאסן און מארקן און זיך צוקוקן צו מענשן. און אז ער האט אנגעטראָפן א קאליקע, פלעגט ער אים נעמען צו זיך אהיים און שעהן לאנג זיך איינקוקן אין אים, אזוי ווי א געלערנטער ווען ער מאכט וויסנשאפטליכע פאָרשונגען. אויף דער פראגע פון זיינע שילער, האט ער זיי צו פארשטעהן געגעבן, אז א אמת׳ער פאָלקאָמענער קאליקע איז פונקט אזוי ווייניג בנמצא, ווי א אמת׳ע פאָלקאָמענע שענקייט. דער רוב איז אלץ מיטעלמעסיג. ער אבער זוכט אין אלעמען דאס גרויסע, דאס פאָלקאָמענע.

לעאָנאַרדאָ האט זיך שטארק אינטערעסירט מיט דער וויסענשאפט פון פסיכאָלאָגיע און ער האט זיך באמיהט מיט איר צו פאראינטערעסירן אויך זיינע תלמידים. איינער פון זיי שרייבט אין זיין טאגעבוך: „ווען דו וועסט האבן גובר געווען די שווערקייטן פון דער פערספעקטיוו און וועסט קאנען אויך אויסנווייניג דאס פארהעלטניס צווישן די פארשיידענע טיילען פונ׳ם מענשליכן קערפער, זאלסטו זיך נעמען פלייסיג צוקוקן, בשעת׳ן שפאצירען־גיין, צו די מענשליכע באוועגונגען, ווי אזוי זיי שטעהן און געהן, ריידן און קוקן, לאכן אָדער קריגן־זיך, ווי איז דער אויסדרוק בא זיי אויף די געזיכטער און ווי זעהן אויס די געזיכטער בא די, וואס מישן זיך אריין די צאנקענדע צו צענעמען און ווי בא די, וואס שטייען און קוקן צו פון דער זייט. אָט די אלע געזיכטסציגע וועלן פאר דיר די בעסטע לעהרער זיין.” כדי אויסצוגעפינען די מענשליכע געפילען פלעגט לעאָנאַרדאָ איינלאדן צו זיך דאָרפסמויערים, זיי דערציילן אלערליי אינטערעסאנטע מעשות, אונוואָרפנדיג אויף זיי א אימה אין צוקוקנדיג זיך צו די פלוצימדיגע פארענדערונגען אין זייער געזיכטסאויסדרוק. ער פלעגט אויך נאכגיין נאָך די פאראורטיילטע צום טויט, בשעת מ׳האט זיי געפיהרט צום עשאפאָט, כדי צוצוזעהן און אויסלערנען דעם זעלענצושטאנד פון א מענטשן אין אזא לאגע. אָט פון דעם דאזיגן גרויסן אינטערעס זיינעם צו די גייסטיגע, זעלישע איבערלעבונגען פונ׳ם מענטשן, זעהן מיר אז ניט נאר די קראפט און די שיינקייט איז געווען זיין אידעאל, נאר דער נשמה־צושטאנד פונ׳ם לעבענדיגען באשעפעניש, די זעלע פון אלעם עקזיסטירענדן.

אין לעאָנאַרדאָס געמעלן געפינען מיר א גאנצע ענציקלאָפּעדיע פון וויסענשאפט: אנאטאָמיע, פערספעקטיווע, פסיכאָלאָגיע, מאטעמאטיקע, פיסיקע, כעמיע, מעכאניקע און אנדערע נאטור־וויסענשאפטן. די נאטור־קונסט איז אים געווען הייליג און ערהאבן. ער רופט זי „דאס אייניקל פון דער נאטור”, ווייל אלעס וואס עקזיסטירט אויף דער וועלט זיינען דאָך די ק י נ ד ע ר פון דער נאטור, און זיי געבוירען, ווען ס׳קומט זייער צייט, „לויט זייער אויסזעהן און געשטאלט” — דאס בילד. אין זיין טאגעבוך שרייבט ער: „דער מאלער דארף אויפוועקן אלעס. מאלער! זאָלן דיינע פארבן זיך מעהרן ביז צום אומענדליכן, אזוי ווי די ערשיינונגען פון דער נאטור זעלבסט, און יעדע שאפונג, וואס דו וועסט באשאפן, זאָל זיין ווי א נייע נאטור־ערשיינונג.”

אין יאר 1481 האט לעאָנארדאָ פארלאזט דעם ווערקשטאט פון ווערראָקיאָ. די גאנצע צייט, וואס ער האט בא אים געארבעט, האט ער אויסערדעם, אין דער פרייער צייט, זיך נאָך באשעפטיגט מיט מעכאנישע פאָרשונגען און אלץ געזוכט צו ערפינדן א פליהמאשין. ער פלעגט מיט מורא׳דיגער קנאה קוקן אויף די פויגלן און ס׳האט אים געקלעמט דאס הארץ פאר וועהטאָג און פארדראָס, פאר וואס קאן ניט דער מענטש, די קרוין פון דער באשעפונג, פונקט אזוי פליהען אין דער לופטן ווי די פויגלן. און נאכדעם ווי ער איז אוועק פון ווערראָקיאָן, האט ער זיך גאר אינגאנצען אפגעגעבן דער מעכאניקע און פיזיקע. איינינגע פון זיינע תלמידים האבן אויך אזוי ווי ער זיך פארטהאן אין מעכאניקע און פיזיקע און אין אנדערע נאטור־וויסנשאפטן.

דאס לעבן איז אים שווער געווען סיי נאָך זייענדיג באַ ווערראָקיאָ, סיי שוין ארבעטנדיג זעלבסטשטענדיג פאר זיך. באַ ווערראָקיאָ פלעגן אים אייניגע פון די תלמידים שטענדיג פארמסר'ן. פאר אזא עדלעם כאראקטער ווי ער איז דאס געווען באַזונדער שווער צו דערטראגן. און ווען ער איז שוין געווען אליין פאר זיך, האבן אויך אלץ די פאנאטיקער אים ניט צורוה געלאזט. זיי פלעגן כסדר אנרעדן אויף אים, אז ער איז אן אפיקורס, אז ער האט שעדליכע עראָטישע נייגונגען און דעסגלייכן. די גאנצע צייט, וואס ער איז געזעסן אין פלאָרענץ איז אים דאס לעבן ניט נוחא געווען. א דאנק זיין געניאליטעט איז ער אבער פלוצים דערלייזט געוואָרן: ער האט ערפונדן א שפּיל־אינסטרומענט, א פידל אַזאַ א זילבערנעם און מיט א סך סטרונעס. דער דאזיגער פידל איז שטארק געפעלן געוואָרן דעם שרהה פון פלאָרענץ און ער האט אים געראטן פארן קיין מילאן און אים אוועקגעבן אלס מתנה דעם הערצאָג פון לאָמבאַרדיע, לודאָוויג ספאָרצאַ. לעאָנאַרדאָ האט אים געפאָלגט און אין יאר 1482 איז ער אוועק קיין מילאן.

דארט איז ערשט לעאָנאַרדאָס שטערן אויפגעגאנגען. ער איז געוואָרן אלמעכטיג: א אינזשעניער, א ארכיטעקטאָר, א געלערנטער, א בילדהויער און א מאלער. ער האט עטליכע מאל געמאלט דעם הערצאָג און זיינע פריינד, אבער פון אָט די אלע בילדער איז אונז פארבליבן נאר דאס בילד פון זיין שיינער געליבטער לוקרעציא קריוועלי. דאס דאזיגע בילד געפינט זיך אין פאַריזער לוווּר אונטערן נאמען: La belle Ferronière. אין דעם בילד זיינען באַזונדערס מערקווירדיג די אויגן. אויפ'ן ערשטן בליק ווייזט זיך אויס, אז זיי קוקן גלייך און פארעקשנט; אבער נאָך א ווייטערדיגער באַטראכטונג זעהט מען, אז זיי זוכן עפּיס ארויס א פארבאהאלטענע און סודותדיגע זאך.

דאס שטארקסטע פון לעאָנאַרדאָס שאפונגען אין דער מילאנער צייט, איז דער „קאָלאָס", געווידמענט דעם אנדענקען פון לודאָוויג ספאָרצאַס פאָטער. דער הערצאָג האט עס אוועקגעשטעלט באַם עהרן־טויער אויפ'ן פלאץ פארן שלאָס. דער גורל פון אָט דער סטאַטוע איז זעהר טרויריג געווען. בשעת די פראנצויזן האבן איינגענומען לאָמבארדיע, האבן זיי דעם „קאָלאָס" צעבראָכן. דאס איז אפגעטון געוואָרן ממש פאר לעאָנאַרדאָ'ס אויגן און נאָר אַזאַ ריזן־גייסט ווי ער האט געקאָנט פארטראגן אזא קלאַפּ. לעאָנאַרדאָ איז צוגעקומען צום שלאָס־פלאַץ גראד אין דעם מאָמענט, ווען די שיסער האבן דעם קאָלאָס אַטאַקירט. ער האט געוואָלט אנטלויפן, אבער ער איז, ווי צוגעקאָוועט, געבליבן שטיין אויפ'ן אָרט און מיט די אייגענע אויגן צוגעזעהן, ווי מ'פארניכטעט די מיה פון 11 בעסטע יאָרן זיינע. אין דעם אויגנבליק איז פארבייגעגאנגען א פראנצויזישער אָפיציר, און דערזעהענדיג ווי דער סאָלדאט האט דעמאָלירט דעם „קאָלאָס", האט ער אויפגעהויבן דאס שווערט און געוואָלט אים אנידערלעגן אויפ'ן אָרט. לעאָנארדאָ האט אבער די אויפגעהויבענע האנט פונ'ם אָפיציר פארהאלטן. דער אָפיציר איז לכתחלה ערשטוינט געווען, וואס עמיצער האט די העזה אים אָפּצוהאלטן. געוואוירע ווערענדיג אז דאס איז לעאָנאַרדאָ, איז ער געווען נאך מער ערשטוינט, אבער לעאָנאַרדאָ האט אים טרויריג אפגעענפערט: „און אז איר וועט שוין אלע אפילו אויסהרגנען, וועט דען מיין סטאַטוע אויפגעריכט ווערן?"...

צו דער מילאַנער צייט געהערט אויך דאס בילד „די לעצטע נאכט סעודה". דאס בילד געפינט זיך אין מילאַן אין קלויסטער סט. מאריא דעללאַ גראַציאַ. דאס בילד איז אביסל קאַליע געוואָרן פון פייכטקייט, אבער נאָך באקומט מען פון דעם א גענוג קלאָרן איינדרוק. דאס איז א פסיכאָלאָגישע דראַמע, געגרינדעט אויף קריסטוסעס וואָרט: „און אָט זאָג איך אייך, אז איינער פון אייך וועט מיך אויסגעבן". דאס דראמע גייט דורך ווי א עלעקטרישער שטראָם איבער דער גאנצער קאָמפּאָזיציע. אָט זיינען די 12 קעפּ און 12 פּאָר הענט פון די אַפּאָסטאָלן. זיי דריקן אויס די אַלגעמיינע אויפרעגונג, די אנגסט, דעם שטילן טרויער, דעם פארדראָס, די שטוינונג, די פורכט און דעם צאָרן, די נייגעריגקייט און די ליידן פון דער נשמה. ניט נאָר די געזיכטער און די אויגן, אויך די הענט רעדן, זיי דריקן עפּיס אויס און באַטייליגן זיך אין דער גאנצער דראַמאטישער האנדלונג. אלעס באוועגט זיך, רוישט: א גאנצע וועלט פון מוסקולעזע געשטאלטן, אלס קונסט־סימבאָל פון א וויסענשאפטליכער אידעע.

אין א קורצער צייט ארום איז לעאָנאַרדאָ אוועק פון מילאן. ער איז פון דאָרט אנטלאָפן אין יאָר 1499, נאכדעם ווי דער הערצאָג איז גענומען געוואָרן געפאנגען. פון דעמאָלט אן וואנדערט לעאָנארדאָ ארום פון שטאָט צו שטאָט, קיין ווענעציע, קיין רוים, קיין פלאָרענץ און אזוי ווייטער. אין יאָר 1502 האט ער געמאָלט אין פלאָרענץ דאס וואונדערבאדע בילד „סט. אַננאַ". דאס בילד געפינט זיך אין פאַריז אין לוווּר. עס שטעלט פאָר די יונגפרוי מאַריע, ווי זי האלט צוריק זיצענדיג באַ דער מוטער אויף די קניע דאס קינד יעזוס בשעת ער כאפּט אָן דאס לעמעלע באַ די אויערן. די הייליגע אַננאַ זעהט אויס ווי א אייביג יונגע סיביליע, דער שמייכל פון די אראָפּגעלאָזטע אויגן און די דינע ליפּן זיינען פול מיט סוד און פארפירעריש. פון מאַריעס געזיכט שטראלן די ליידן פון א שטילער טויב. מיר האבן דא פאר זיך אלזאָ צוויי פארשידענע וועלטן: מרים — דאס איז די אַבסאָלוטע ליבע; אַננאַ — דאס איז די אבסאָלוטע וויסענשאפט. מרים ווייסט אלעס, ווייל זי ליבט; אַננאַ ליבט, ווייל זי ווייסט. מ'דערמאָנט זיך דערביי לעאָנארדאָס ווערטער אין זיין טאַגעבוך: „די גרויסע ליבע שטאמט פון גרויסן וויסן".

אויסער די עטישע פרינציפּן זעהן זיך אין דעם דאָזיגן בילד בולט ארויס אויך די קאָמפּאָזיציאָנס־פּרינציפּן. כדי אלע בילדער איינצופאסן אין דעם פּיראמידן־ארטיגן משולש (דרייעק) האט לעאָנאַרדאָ באַזעצט מרים'ן באַ אַננא'ן אויף די קניע און זי איינגעבויגן צום קינד יעזוס, וועלכער ערשיינט דא אלס באזיס פון דער פּיראמידע.

אין דער דאָזיגער צייט פון זיינע ארומוואַנדערונגען האט לעאָנאַרדאָ געמאָלט אויך זיין „יוחנן דער טויבלער". עס געפינט זיך איצט אין פאריז, אין לוווּר. דא איז אויסגעמאָלט א שמייכלנדיגער בחור — א אָפּטער מאָטיוו באַ לעאָנאַרדאָ'ן. דער בחור שטייט און האלט די האנט מיט'ן צייגעפינגער ארויף. די דאָזיגע ליכטיגע האנט זעהט זיך אָן, אויפ'ן



לעאָנאַרדאָ-דאַ-ווינטשי    רויטער קרייד    זעלבסט-געמעל
קעניגליכע ביבליאָטעק אין טורין

PORTRAIT OF THE ARTIST    RED CHALK    LEONARDO DA VINCI
ROYAL LIBRARY, TURIN

טונקלעם טאָן, ווי זי וואָלט זיך פאנטאסטיש געשלענגעלט. צו יענער צייט געהערט אויך דאס בילד „לעדא״.

אין דער זעלבער צייט האט לעאָנאַרדאָ געשאפן אויך זיין גרעסטע אומשטערבליכע שאפונג — די „דזשיאָקאָנדאַ״. דאס איז א בילד פון א נעאַפאלער פרוי, דאס דריטע ווייב פונ׳ם פלאָרענטינער דזשיאָקאָנדאַ. די פרוי האט געהייסן ליזע; איטאַליעניש: מאָנאַ ליזע. דערפאר הייסט דאס בילד אויך „מאָנאַ ליזאַ״.

אין דער דאָזיגער שאפונג האט לעאָנארדאָ געהאט צו לעזן צוויי פראָבלעמעס: די פראָבלעמע פון דער געשטאלט, און די פראָבלעמע פונ׳ם שמייכל. לעאָנאַרדאָ איז עס געווען, וועלכער האט געבראכט דעם פרילינג פאר דער קונסט פון דער פרויען׳ס געשטאלט, — נעימות, גראציע, פריינדליכקייט און געזיכטס־אויסדרוק, לעבעדיקייט און רעאליטעט. און אויך יענעם שמייכל, וואס מיר טרעפן אָן כמעט אין אלע זיינע בילדער און וואס זיינען אזוי טיפיש אין זיין קונסט. בכלל איז דער שמייכל א זעלטענע ערשיינונג אין דער קונסט. אין דער אלטער גריכישער קונסט טרעפן מיר אפילו יאָ אָן דעם שמייכל, אבער דאָרט איז ער ניט אין שייכות מיט די עראייגניסן און ניט קיין רעפלעקס פונ׳ם אינעווייניגסטן פסיכאָלאָגישן צושטאנד. בא לעאָנאַרדאָ׳ן דעקט דער שמייכל אויף אָט טאקע דעם אינעווייניגסטן זעלען־צושטאנד און גיט צו א באַזונדער חן און שיינקייט דער געשטאלט. דער דאָזיגער שמייכל איז באזונדער באמערקענסווערט בא דער דזשיאָקאָנדאַ. אין דעם דאָזיגן געניאלן בילד האבן מיר די פארווירקליכונג פונם כלל אינ׳ם פרט. אין דער דאָזיגער שיינער, ליבענס־ווירדיגער, כאָטש ניט גאר יונגער פרוי, האט אונז לעאָנאַרדאָ געגעבן דאס פראָבלעם פון דער „אייביגער ווירקליכקייט״, דאס גאנצע „וועזן״ פון דער פרוי, ווי אזוי ער האט זי אויפגעפאסט און לויט זי האט זיך אפגעשפיגלט אין זיינע לעבענס־איינדרוקן. אין געדאנקליכער הינזיכט, זעהן מיר אויך דאָ, אזוי ווי אין אלע אנדערע זיינע שאפונגען, זוכעניש, טאפעניש און פרובן. ער שטרעבט צו געבן דאס אייביגע, דאס טיפישע און דערביי אויך דאס פערזענליכע, דאס אינדיווידועלע. וועגן דער דזשיאָקאָנדאַ קאָן מען אזוי זאגן: פונקט ווי דאס גרויסע בוך פון דער מענשהייט איז ניט פארענדיגט, און יעדער דור, יעדע תקופה און אפילו יעדער מענש שטעלט אויף א נייע שורה אין פאלאַץ פון דער שאפונג, אָט אזוי איז די „דזשיאָקאָנדאַ״, וועלכע איז לעאָנאַרדאָס ליעד פון דער פרוי, פונ׳ם מענשן און פון דער נאטור; יעדעס מאל זינגט מען עס פון ס׳ניי. וואס מעהר מ׳קוקט זיך אריין אין דעם בילד אלס מעהר פארנעמט עס אונז מיט זיין צויבער און מיר שטייען און גאפן: אָט די דאָזיגע פרוי מיט די צארטע געזיכטסציגן, מיט דעם וואונדערליכן שמייכל, וואס שטראַלט איר פון די אויגן און צעגיסט זיך איבער׳ן פנים, וואס אין אים שטעקט מיט איין מאָל אי אמת׳ע גרויסע אמונה און האָפנונג, אי פולשטענדיגער חוזק און לצנות און אויך פארצווייפלטע אנטוישונג, — אָט די פרוי איז עס א לעבעדיגער מענש געווען, אָדער איז עס נאר דער סימבאָל פון לעאָנאַרדאָס נשמה אליין, וועלכע איז כסדר פארטיפט אין מחשבות און ארומזוכענישן נאך דעם וועזן פון דער וועלט, נאָך דער ריכטיגער ערקענטניס פון דער נאטור׳ס קרעפטן און ערשיינונגען...

א יאָר פיר, זאגט מען, האט ער געארבעט אויף דעם בילד און ער האט מיט זיין פינזל ארייינגעבראכט אין דעם אלעס, וואס איז אים טייער געווען אויף דער וועלט: דעם ראָמאַנטישן לאנדשאפט מיט די וואסערן פונ׳ם גאַליבטן טייך, — וואס רוישן ווי פרויען־האָר, דעם פעלזן — א וואונדערליכער רעשט פון אלע צייטן, וועלכן ער האט אזוי גרינדליך אויסשטודירט, יענע דורכזיכטיגע, מיט ליכט אָנגעפילטע לופט, וועלכע גיט צו, ווי ער זאגט, א באזונדערן חן דעם פרויען־געזיכט, און איבער דעם אלעמען — די דזשיאָקאָנדאַ גופא, מיט אירע שיינע הענט, וועלכע ווייסן, ווי עס שיינט, פון לעבן און באטייליגן זיך אין דער ליידענשאפט פונ׳ם לעבן, אין יענער ליידענשאפטליכקייט, וואס ווען דער מענש וועט נאך הונדערט מאל אזוי פיל לעבן, וועט ער אלץ ניט האבן זי דערגרונטעוועט. אין דעם דאָזיגן בילד האט לעאָנאַרדאָ געמאָלט זיך אליין און ארויסגעבראכט זיין רייכהאלטיגן, אבער זעהר רעטזעלהאפטן כאַראַקטער, דעם פויסט־כאַראַקטער. לעאָנאַרדאָ אליין האט זיך צו דעם דאָזיגן בילד פארהאלטן אנדערש ווי צו זיינע אנדערע שאפונגען. וועהרענד ער האט אויף דעם געארבעט, האט ער זיך אינגאנצן אויסגעטון פון אנדערע זאכן, ס׳האט פאר אים ניט עקזיסטירט ניט די פארגאנגענהייט, ניט די צוקונפט, גלייך די צייט וואָלט שטעהן געבליבן. און צייטנווייז האט ער געפיהלט, אז ער האט דערלאנגט, צו וואס ער שטרעבט: ס׳איז אים געלונגען צונויפצוגיסן צוויי געשטאלטן מיט אמאָל, צו פאראייניגן דאס ווירקליכע מיט זיין שאָטן, — דזיאָקאָנדאַ, די פאָראיבערגייענדע, דעם בשר־ודם און דזיאָקאָנדאַ, די אייביגע. דאס זיינען געווען די גליקליכסטע מאָמענטן פונ׳ם קינסטלער, מאָמענטן ווען ער האט דערפילט די אייביגקייט.

א צייט לאנג נאך דעם ווי ער האט דאס בילד געמאכט, אפשר אין א יאָר צען ארום, ער האט דאן געארבעט באם פראנצויזישן קעניג פראנציסק דעם ערשטן, איז איינמאל דער קעניג אריינגעקומען צו׳ן אים אין אטעליע. דערזעהענדיג דעם קעניג אריינקומען, האט לעאָנאַרדאָ געכאפט און פארדעקט די דזשיאָקאָנדאָ. דער קעניג האט ארומגעקוקט זיינע ארבייטן און געפרעגט, וואס איז דאס דאָס צוגעדעקטע. לעאָנאַרדאָ האט געענפערט: „עט, אן אנ׳אלטע זאַך, ניט כדאי זיך בא איר אפצושטעלן״... דער קעניג האט אבער גראד געוואָלט זעהן, וואס דאס איז. איינער פון די הויף־מענשן וואס האבן דעם קעניג באגלייט, האט אָפגעדעקט דאס בילד. דער קעניג איז געבליבן שטיין א דערשטוינטער. דאס בילד האט אים געבלענדעט די אויגן. לאנג איז ער געשטאנען און ניט געקאָנט זיך פונ׳ם בילד אָפרייסן. ענדליך האט ער ארויסגעמורמעלט, אז ער וויל דאס בילד קויפן. אבער דער זעלבער לעאָנאַרדאָ, וועלכער האט געקאָנט צוזעהן ווי זעלנער צושטויסן זיין „קאָלאָס״ — א עלף־יעהריגע ארבעט, האט איצט ניט געקאָנט פארהאלטן זיין אנגסט איבער דעם בעפאָרשטייענדען צושיידן־זיך מיט דער דזשיאָקאָנדאַ. דער קעניג האט ניט פארשטאנען וואס ס׳טוט זיך באם קינסטלער אין הארצן, ער האט געמיינט, אז דאס איז ער אזוי אויפגערעגט פונ׳ם „גליק״ און דאנקבארקייט פאר דעם גרויסן פרייז, וואס דער קעניג האט אים געבאָטן... ווי נאָר דער קעניג איז

ארויס, איז לעאָנאַרדאָ אנידערגעפאלן אויף זיין שטוהל און
דאן אָנגעהויבן זיך ארום יאָגן איבער׳ן צימער ווי א משוגענער.
צונאכט־צו איז ער אוועק אין שלאָס, זיך אויסגעבעטן א
אוידיענץ און געוואָרפן זיך פארן קעניג אויף די קניע און
מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן, מ׳זאָל אים די דזשיאָ־
קאָנדאַ לאָזן, אזוי לאנג ווי ער וועט לעבן. נאך זיין טויט
זאָל זי געהערן צום קעניג. צו זיין גליק איז דערביי געווען
דעם קעניגס שוועסטער און זי מיט איר פרויען־הארץ איז
געווען ווייכער ווי דער קעניג. זי האט דעם קעניג איינגע־
רוימט, אז דאס איז אודאי דאס בילד פון זיין געליבטער,
און ס׳איז דערפאר א יושר עס אים צו לאָזן. דער קעניג
האט איר פארוואונדערט אָפגעענפערט: „זי איז דאָך טויט!"
די שוועסטער האט אבער צוריקגעענפערט: „מ׳קאָן אויך טויטע
שטארק ליבן". אין דעם מאָמענט — אזוי דערציילט וואַזאַרי —
האט זיך באם קעניג אין געהירן עפּיס א ריר געטאן, עפּיס
האט ער זיך דערמאָנט א לאנג־פארגעסענע זאך. צו האט ער
עס אין שולע געלערנט, צו ערגיץ געלעזן, — וועגן דעם
אייביגן בונד צווישן די זעלן, וועגן ליבע, ניט דער־וועלטיגער —
און דאס האָט אים באוואויגן אָפּצוגעבן לעאָנאַרדאָ׳ן די דזשיאָ־
קאָנדאַ...

אין יאר 1519 איז לעאָנאַרדאָ געשטאָרבן. ער איז קיינ־
מאל ניט געווען קיין גלויביגער און איז ניט נזהר געווען אין
רעליגיעזע שריפטן; אבער אין דער לעצטער לעבענסשטונדע
האט ער געטון צום ערשטן מאל א זאך קעגען זיינע איבער
צייגונגען: ער האט געלאזן רופן א גייסטליכן... מ׳זאגט, אז
דאס האט ער צוליב געטון זיין באליבטן תלמיד דזשיאָוואַני,
וועלכער איז אים געטריי געווען דאס גאנצע לעבן און ניט
פארלאזט ביז צו דער לעצטער מינוט. דזשיאָוואַני האט עס
פון אים געבעטן אלס לאסקע, אלס גנאד, ער זאָל שטארבן ווי
א גלויביגער און לעאָנאַרדאָ האט עס אים ניט געקאָנט אפּ־
זאָגן...

איינזאם און עלענד איז לעאָנאַרדאָ געווען זיין גאנץ לעבן
לאנג. דאס איז געווען א ריז צווישן קארליקעס, א מענטש
וואס איז געבוירן געוואָרן פאר דער צייט און וואנדערט
ארום אין א פרעמדער וועלט. דען לעאָנאַרדאָ איז געווען
ווייטער פון זיין דור ניט נאָר אין דער מאלערקונסט נאָר אויך
אין וויסענשאפטליכער אויפפאסונג און וועלט־קענטניש. פון
ארכימעדעסן אן איז ניט געווען אזא גרויסער מעכאניקער ווי
ער. מ׳קאן זאגען, אז לעאָנאַרדאָ איז דער באגרינדער
פון דער מאָדערנער מעכאניקע. אין אים האט אויך געלעבט
דער גייסט פון א גרויסן ערפינדער. אין אמת׳ען האט ער עס
געלעגט דעם גרונדשטיין צום היינטיגען לופטצייג, כאָטש
זיין מאַשין איז ניט געווען געראטן. מ׳קאן אים אויך רעכנען
אלס דעם פאטער פון דער הידראוילישער וויסנשאפט. ער איז
אויך געווען דער ערשטער, וועלכער האט אויסגעפאָרשט די בא־
וועגונגען פון די ים־כוואליעס; זיינע אויספאָרשונגען אין דער
וואסער־באוועגונג האבן אים באוואויגן צו פאָרשן אויך די
לופט, און גאנצע 250 יאר פאר לאַבויזיע האט ער שוין גע־
האט א באגריף, אמת נאָך א פארנעפּלטן, וועגן דער
צוזאמענשטעלונג פון דער לופט. זיינע אנטדעקונגען אין דער

אַקוסטיק זיינען איבערראשענד: ער האט אנטדעקט די בא־
וועגונגן פון די גלייכמעסיגע קלאַנגען און זייער צונייפגיסונג
אין א הארמאָניע. אלס מאלער האט ער זיך באזונדער
אינטערעסירט מיט דער לעהרע וועגען לופט און
האט געגעבן א מעטאָדישע דארשטעלונג וועגען דעם
ווי די ליכט־שטראלען דרינגען אריין אין אויג. כמעט
אלע זיינע יארען האט ער זיך פארנומען מיט אַנאַטאָמיע.
זיינע קענטניש אין דעם זיינען געווען פיל גרעסער, ווי ער
האט זיי באדארפט אלס קינסטלער און פיל גרעסער, ווי בא
אלע געלערנטע פון זיין צייט. אַנאַטאָמירן מתים איז
צו יענער צייט פון דער קירכע פארבאָטן געווען.
לעאָנאַרדאָ האט זיך מיט דעם פארבאָט ניט גערעכנעט און
דערפאַר האט מען אים אלע יארען גערודפט. אבער ער האט
דורך דעם צוגעגרייט מאטעריאל צום וויסנשאפטליכן אויפבוי
פאר די שפעטערדיגע דורות.

לעאָנאַרדאָ איז אויך געווען דער ערשטער, וועלכער האט
זיך פארנומען מיט דער קאָמפּעראטיווער (פארגלייכענדער)
אנאטאָמיע און איז דורך דעם געקומען צום באשלוס, אז דער
מענטש איז א אָרגאניש באשעפעניש ווי אנדערע, א מין בעל־חי
פון א העכערער מדרגה. לעאָנאַרדאָ איו אלזאָ געווען דער
פּיאָניר פאר דאַרווינס טעאָריע. פון זיינע כתבים זעהט מען,
אז ער האט זיך אינטערעסירט אויך מיט ביאָלאָגיע און באָ־
טאניקע און האט שוין דעמאלט געהאט א השגה אין דער
געזעצליכער אָרדנונג און קלאסיפיצירונג פון די שטאָקן,
צווייגן און בלעטער. אויך אין צאָאָלאָגיע האט ער עוסק
געווען, אבער נאָר אין פארבינדונג מיט דער אנאטאָמיע
אין ביאָלאָגיע. מיר זעהן אלזאָ, אז ער האט ניט דורכגעלאזן
כמעט קיין איינציגע וויסנשאפט, ער זאָל זיך מיט איר ניט
באשעפטיגן. דאס איז געווען א אוניווערזאל־געניע, וואס
האט גרויסעס געשאפן אויף אלע געביטן. אין דער
מאלעריי אבער איז ער געווען ניט בלויז א פּיאָניר, נאָר א
וועגווייזער, א קלאסיקער און פאָרבילד פאר די שפעטערדיגע
קינסטלער. ער איז געווען דער ערשטער, וואס האט זיך פאר־
האלטען מיט געפיל צו דער ליניע; ער האט דער ערשטער
דערפילט די צארטקייט פון דער הויט. דורך דעם פיינערען
טאסט־געפיל, ווי מיר זעהן עס אין לעאָנאַרדאָ׳ס געשטאלטן־
שאפונג, באקומט דער פרויען־קערפער א גאנץ נייעם קינסט־
לערישן ווערט. לעאָנאַרדאָ איז געווען דער ערשטער מאלער,
וואס האט באגריפן די נויטווענדיגקייט פון דער געשטאלט
פאר׳ן בילד און דעם מאָדעל האט ער אנגערופן: „די נשמה
פונ׳ם בילד". ער איז געווען דער ערשטער צו באווייזען, ווי
נייטיג ס׳איז די אנאטאָמיע און די פסיכאָלאָגיע פאר דער
קונסט. בכלל איז זיין אידעאל געווען צו דערלאנגען יענע
הויך, וואו די קונסט און וויסנשאפט קומען זיך צונויף, און
דאס שענע איז ניט מעהר ווי די פארווירקליכונג פונ׳ם
אמת. ער האט אנטדעקט די מוזיקאלישע שיינקייט אין
די פארבן און ער האט אויך אנטדעקט די ליכט־שאטענס;
אין דעם פרט איז ער געווען דער פאָרלויפער פאר רעמבראנדטן.
פון אים הויבט זיך אן די מאָדערנע קאָמפּאָזיציע־לעהרע;
ער האט אונז געגעבן נייע געזעצן וועגן דער ליניען־קאָמ־
פּאָזיציע. מיט איין וואָרט: פונקט אזוי ווי ער איז געווען
פיעלפארביג אין זיין פערזענליכקייט, פילזייטיג אין זיינע

וויסנשאפטן, אזוי איז ער אויך געווען פיעלזייטיג אין זיין מאָלערפאך און ער האט אויף דעם געביעט זיך פארנומען מיט אַ פולע פּראָבלעמען און אין זיי אנטדעקט א סך נייעס.

אבער אזוי ווי די גרויסקייט פון דער פערזענליכקייט, אזוי איז אויך גרויס געווען איר טראַגיזם. דאס גאנצע לעבן זיינס איז א קייט פון זוכענישן און ניט־דערפילטע אידעאַלן. דאס טייערסטע איז בא אים געווען, און דאס האט ער אם אייפריגסטן געזוכט — דעם אמת; אבער צום ענד האט ער געמוזט איינזעהן, אז כאָטש דאס זוכן נאָך'ן אמת איז געגעבן פאר יעדן מענשן. אבער דאס געפונען אים, איז א זאך פון א סך דורות, ווי ער שרייבט אליין אין זיינע שריפטן: „דער אמת איז נאר א קינד פון דער צייט אליין".

אלס קינסטלער, וויסנשאפטלער און ערפינדער, האט ער געשטרעבט צו אזוי פיל און צו אזעלכע גרויסע זאכן, אז ער האט זיי שוין ניט געקאָנט פארטראָגן און ער איז געפאלן אונטער זייער לאסט. ער האט געוואלט געפינען דאס, וואס די מענטשהייט האט נאך ניט געפונען און דערפאר איז אים דאס געמיט געווען געבראָכן און ער האט שטענדיג זיך געקלאָגט, אז ס'ניטאָ קיין גערעכטיגקייט און קיין לאָגיק אין לעבן. און קענענדיג די שווערקייטן פון לעבן און די נישטיגקייט פונ'ם מענשליכן גייסט, האט ער געוואנדערט פון איין אָרט אין אנדערן און געזוכט א מאָראלישן אָנהאַלט; ער האָט זיך געוואָרפן פון איין באשעפטיגונג צו דער אנדערער, פון איין וויסנשאפט צו דער אנדערער, כדי צו בארוהיגן דעם שטורם פון זיין נשמה. ס'איז אבער געקומען א טאָג, ווען אויך דער דאָזיגער דעמב האט ניט אויסגעהאלטן — און ער איז געפאלן.

די עדלע נשמה, פאר וועהטאָגט פון די אנטטוישונגען, האט זיך אומגעקערט צו איר מקור. אבער דער נאָמען פון לעאָנאַרדאָ דעם קינסטלער און קלאָר־זעהער וועט לייכטן פאר די מענטשן, וואס דורשטן נאך וויסנשאפט און שיינקייט — אויף אייביג.

ד"ר אָלגא פעוזנער־שאַץ.

# שוואַרץ די נאַכט... קיין ליכט, קיין שטערן...

פון שאול טשערניכאָווסקי.

שוואַרץ די נאַכט... קיין ליכט, קיין שטערן...
דוכט זיך אָפּגעטער אַרום...
היילע בוימער שטרעקן צווייגן...
אלטע חורבות אומעטום...

שאַ! מען הערט, עס פליהען פויגלען,
עפּעס שרייען זיי פאַרזאָרגן,
גריסן זיי די נאַכט, די טיפע,
אָדער ביינקען נאָך דעם מאָרגן?

פאַר באַגינען פול מיט אומעט,
שטנ'ס שטאַרבן, שטנ'ס שוועבן,
און ווי פויגלען פליהען שטנ'ס
אָט־העט ווייט, און אָט דאָ נעבן.

איבערגעזעצט דורך א. עסטערס (א. ריינין).



א חסידישער טאַנץ באַ מלוה־מלכה, קאָמפּאָנירט און אויסגעפירט פון אַגאַדאַטי. קאָסטיום ענטוואָרפן פון ב. אהראָנסאָן.

CHASSIDIC DANCE FROM „MLAVA MALKA“, EXECUTED BY AGADATI. COSTUME DESIGNED BY B. ARONSON



אַ תימנישער טאַנץ, אויסגעפירט פון אַגאַדאַתי, קאָסטיום ענטוואָרפען פון ב. אהראָנסאָן.

YEMENITE DANCE. EXECUTED BY AGADATI. COSTUME DESIGNED BY B. ARONSON.

# אנטוויקלונגען אין דער קונסטקריטיק

מאקס נארדוי

אין קונסט־פראגן האט נאָרדוי געקאָנט זיין פארטייאיש, ווי קיין אנדערער. ער האָט פארשטאנען צו האַסן. מיט צאָרנדיגער אויפגעבראַכטקייט האָט ער אַמאָל גערעדט וועגן דער אַראַבעסקאַ, די דאָזיגע „טויזנט מאָל איבערגעחזרטע, קיין שום באַשטימטע זאַך ניט פאָרשטעלנדיגע געפלעכט פון אַ מוירישער פלאַכן־דעקאָראַציע". די אַראַבעסקאַ האָט נאָרדוי באַטראַכט ווי עפּעס אַ סכנה־זאַך.

ווייל זי שלעפערט איין דעם געדאנק.

ווייל זי גיט אַ חיזוק דער שגעונדיגער איינבילדונגס־קראַפט.

ווייל זי איז צוגעפּאַסט צום „קייף", צו יענעם חלומדיגן צושטאַנד, וועלכן די מזרח־מענשן האָבן אַזוי ליב.

נאָרדוי איז געווען דער טיפּישער משכיל, אויפקלערער, אַ ענציקלאָפּעדיסט פון וואָלטער׳ס שניט, וועלכער האָט פאַרשפּעטיגט אויף הונדערט יאָר.

אין פאַרגלייך מיט אים איז שוין דידעראָ, וואָלטער׳ס און רוססאָ׳ס געזינונגסגענאָסע, גאָר אַ איינגעהאַלטענער קונסט־קריטיקער געווען.

אמת, דידעראָ האָט זיך באַמיהט אַריינצופירן די אידעען פון דער השכלה אין דער קונסט־אַנשויאונג. ער האָט פאַראורטיילט די „אויסגעליגנערטע" הויף־קונסט פון בושע, פון וואַטאָ. ער האָט געלויבט, אין געגנטייל, די בירגערליכע סענטימענטאַלע זיטן־מאָלער... ווי גרעז. אָבער, אַלס פראנצויז מיט געשמאַק, האָט ער פאָרט ניט געקאנט גלאַט אַזוי אָפּשטופן וואַטאָ׳ס מאָלעריי, כאָטש אפילו איר רעאַקציאָנערער תוכן האָט אין אים ארויסגערופן אַ גרויל. די געשיכטע פון דער קונסט האָט, צום ענדע, דאָך באַרעכטיגט וואַטאָ׳ן און ניט גרעז׳ן, און וואָס ס׳איז נוגע דעם אינהאלט, זיינען אונז גרעז׳ס זיסליכע מילך־מיידעלעך ניט סימפּאַטישער פון די אַמאָרעטן און הויף־דאַמען פון דער ראָקאָקאָ־קונסט, ביידע זיינען אונז גלייכגילטיג געוואָרן.

נאָרדוי פארשטייט די „נייע" קונסט, די קונסט, וואס איז אין זיין צייט אויפגעקומען, אַלס אַ ירידה, אלס אַ ווידער־אויפלעבונג פון קאַטוילנטום. סימבאָליזם, פּרעראַפּאַעליזם זיינאַן באַ אים אלץ איינס ווי ניי־קאַטאָליציזם.

וואָס אייגנטליך האָט ער צו די דאָזיגע קונסט־ריכטונגען? — דאס זעלבע, וואס עס ערגערט אים אינ׳ם מוירישן אָרנאַמענט, דהיינו: דער מאַנגל פון קאָנצענטראַציע אינ׳ם אופן צו זעהן און צו דענקן, טויזנט מאָל איבערגעקניפּטע און אָן אַ סוף זיך איבערחזרנדיגע באַנדגעפלעכט פון דער אַראַבעסקע, די „אונענדליכע מעלאָדיע" פון וואַגנערן, די „באָטאַניש־ריכטיג פאָרגעשטעלטע לוזשאַיקעס", בלומען און בוימער... די דייטליכע מוסטערן פון טעפּיכן און וואַנט־שפּאַליר באַ די פּרעראַפּאַעליסטן... דאָס אַלעס איז פאר נאָרדוי׳ן אַ צייכן פון מאנגלהאפטער קאָנצענטרירונג באם קינסטלער, פאר וועלכן, ווי עס ווייזס אויס, אַ בוים באַטייט אַזוי פיל ווי א מענש, וועלכער איז אַ פּנים אומפעהיג צו מאַניפעסטירן זיין אינטערעס צו אַ באַשטימטן געגנשטאנד, אָדער אפשר האט ער בכלל קיין שום אינטערעס ניט פאַרן אָביעקט פון זיין קונסט? נאָרדוי דערפירט די דאָזיגע טיילנאַמסלאָזיגקייט פונ׳ם קינסטלער ביז צום פּאַטאַלאָגישן, — אין וועלכן געביט ער איז אַלס דאָקטאָר, באַזונדער היימיש, — און בארוהיגט זיך ניט אַזוי לאַנג, ביז ער דערגרייכט צום משפט, אַז דאָס געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון moral insanity.

אין דער ליטעראטור האָט נאָרדוי ליב געהאט טורגעניעוון און ניט טאָלסטאָין, ווייל באַ טאָלסטאָין, באזונדערס אין זיין „קריג און פרידן", באַגעגנט ער זיך מיט יענער ארבעטס־מעטאָדע, וועלכע איז אים באזונדער דערווידער געווען, היינו די מעטאָדע „אויפצונעמען גלייכמעסיג אלע פּרטים און זיי אויסשטעלן איינס נעבן אנדערן, ניט לויט זייער וויכטיגקייט פאַר׳ן עיקר געדאנק, נור לויט זייער באַציהונג צו דער עמאָציע פונ׳ם דיכטער. אַ „עיקר־געדאַנק" איז דאָ קוים צו באַמערקן, אָדער ער איז טאַקע לחלוטין ניטאָ".

אָט האָבן מיר עס. דער מאָדערנער קינסטלער איז, בכן, גאָרניט אַזוי גלייכגילטיג און לחלוטין ניט אומפעהיג אויסצודריקן זיין טיילנאַם אינ׳ם אָביעקט פון דער אויסמאָלונג, ניט מעהר, עס איז אים דערווידער צו פאָרמולירן, וואָס ער זעהט אין אַ געדאַנקליכער סכעמא. ער וויל ניט מער ווי ווייטער צופירן זיין צורודערטקייט, זיין אויפרעגונג, אָדער אויך זיין רוהיגן תענוג פונ׳ם געזעהענעם אַנדערע צו איבערגעבן.

נאָרדוי אָבער האָט מורא, צוליב עפּעס אַ טעם, פאר די עמאָציעס. איין סבה דערצו, איז ער אַליין מודה, אַז ס׳איז זיין מורא, אַז אין יעדער הערשונג פונ׳ם געפיל, פונ׳ם ספּאָנטאַנען, איררַאַציאָנאַלן, קאָן אויסברעכן דער רעליגיעזער שגעון. די מעשה מיט וואַגנערן באַווייזט, אַז דאָס איז ניט קיין אומזיסטער פחד געווען. דאָרט האָט דאָס איררַאַציאָנאַלע זיך געפּאָרט מיט אַנטיסעמיטיזם. היינט אָבער קאָנען מיר באַשטעטיגן, אַז אויך יידן, ווי בערגסאָן, שעסטאָוו, בובער, טרעטן אויף אַלס וואָרטפירער פונ׳ם איררַאַציאָנאַליזם. די מניעה, וואָס נאָרדוי האָט געזעהן, איז פאַר פילע אַצינד אַוועקגעפאַלן. מענטשן ווילן אַמאָל לעבן נאָכן געפיל און ניט

שטענדיג זיין אַ ריין, קלוג, מוסטער־בחורל, ווי משה מענדעלסאָן. ס׳העלפט ניט! דאָס איז אפשר די הויפּטשטימונג פון אונזער היינטיגער צייט.

די שריפטשטעלער, וואָס נאָרדוי האָט זיי פאַרמשפּט, זאָלאַ, מעטערלינק, ווערלען, מאַלאַרמע, סווינבאָרן, איבסען, מאַכן היינט אויף אונז שוין ניט מער אַזאַ פאַרכשופדיגן איינדרוק ווי אַמאָל; צו באַוואונדערן אַ פּואווי־דע־שאַוואַן, אַ קאַריער, די פראַנצויזישע אימפּרעסיאָניסטן, די ענגלישע פּרעראַפאַעליסטן, איז היינט שוין ניט דער לעצטער אויסגעשריי פון דער מאָדע. אָבער פאָרט האָט די קונסטריכטונג, אָדער ריכטיגער: קונסטריכטונגען פונ׳ם סוף פון 19־טן יאָרהונדערט, — דער דאָזיגער, באַ נאָרדוי אַזוי פאַרהאַסטער, „פען־דע־סיעקל" (fin de siècle) — אַ גרויסע ווירקונג געהאַט און אַ דאַנק זיי זיינען די אויסדרוקסמיטל פון דער קונסט פיל רייכער געוואָרן.

נאָרדוי האָט זיך געקאָנט ערגערן, צום ביישפּיל, וואָס די פּאָעזיע באַדינט זיך מיט אויסדרוקן, וואָס האָבן אַ שייכות אייגנטליך צו דער מוזיק, וואָס זי דאגה׳ט אַזוי וועגן קלאַנג און אָפטמאָל שטעלט זי זיך איינגאַנצן אויפ׳ן קלאַנג און פאַרקריכט אויף אַזאַ אופן אינ׳ם גבול פון אַ פרעמדן פעלד. ער האָט געקאָנט זיין פּעדאַנטיש, פּונקט ווי די פּסעוודאָקלאַסיקער, וועלכע האָבן געשוואוירן אָפּצוהיטן די דראַמאַטישע איינהייט פון אָרט, צייט און האַנדלונג. ער מיינט, אַז ער איז שפּיציג און פּיפּיג, ווען ער אנטדעקט אונז, אַז „די פיל גערימטע גריכישע טעמפּל־בוי־קונסט איז אייגנטליך געווען, צום גרעסטן טייל, אַ פּראָדוקט פון געדאַנקען־לאָזיגקייט; זי האָט פּשוט קנעכטיש נאָכגעמאַכט אין שטיין די האָלץ־אַרכיטעקטור, וואָס זי האָט שוין פאַר זיך געהאַט פון די עלטערע צייטן". גלייך ווי דער גריכישער טעמפּל וועט אונז דערפאַר פאָרקומען ווייניגער פּרעכטיג, ווייל מיר ווייסן שוין פון וואַנען ס׳שטאַמען זיינע קונסט־פאָרמען! גלייך ווי די שיינקייט פון אַ שפּראַך וואָלט דורך דעם עפּעס געליטן, ווייל אין איר זיינען דאָ ווערטער, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייער אורשפּרונגליכן זין, אָדער זיינען געבויט דורך אַ טעות, אַ פאַרגרייזטקייט א. א. וו.

נאָרדוי געהערט צו די, וואָס זאָגן, אַז די גאַנצע געשיכטע איז ניט מער ווי אַ רייה טעות׳ן. ס׳פעהלט אים דער חוש פון דער געשיכטע. און גראָד אין דער קונסט באַטייט זעהר פיל דאָס אומבאַוואוסטע, וואָס מיר ברייגען מיט אַלס נדן פון דער פאַרגאַנגנהייט. אמת, כדי צו באַקעמפן א קונסט־פאָרם, וואָס פּאַסט מער ניט צום געפיל פון דער צייט, באַדינט זיך דער קריטיקער אַמאָל מיט שאַרפן כלי־זיין פון פאַרשטאַנד, אויב דאָס כלי־זיין טויג גראָד פאַר דעם אויגנבליק. נאָרדוי האָט אָבער דאָס כלי־זיין באַנוצט גראָד אַקעגן די יונגע, אַקעגן די אויפשטרעבנדע.

עס האָט אים ניט פיל גענוצט. צענדליגע יאָרן לעבן אין פּאַריז, אַ טעגליכער מגע ומשא מיטן לעבן און וועבן פון דער דאָזיגער שטאָט, וואו אַ קונסט־אויסשטעלונג איז נאָך אַ געשעעניש, די אומאויפהערליכע פּראָפּאַגאַנדאַ פון די יונגע — דאָס אַלעס האָט געבראַכט דערצו, אַז נאַרדויס היציגקייט

האָט זיך אַביסל נאָכגעלאָזט. ער איז פריינדליכער געוואָרן. אמת, ער רעדט נאָך אַלץ זעהר גערן — און דאָס זעהט מען אויך אין זיינע קונסט־קריטיקן פון נאָך 1900 — פון קראַנקהאַפטיגקייט. אָבער זיין דיאַגנאָז באַשטימט שוין ניט, אַזוי ווי פריהער, מידיגקייטס־היסטעריע, moral insanity א. א. וו.
אין אַן אַרטיקל וועגן דעם מאַלער סיסליי גייט זיין גוטמיטיגקייט אַזוי ווייט, אַז ער רימט שוין אפילו די פּרעראַפאַעליסטן פאַר אַ מדה, וועלכע ער האָט אין די 90־ער יאָרן, בשעת ער האָט געשריבן זיין „ענטאַרטונג", געהאַלטן אַלס אַ אויסדריקליך פּאַטאַלאָגישע, דהיינו: דאָס האַלטן זיך אין די פּרטים, דאָס „באָטאַניש־ריכטיגע לוזשאַיקע־מאָלעכץ מיט בלומען און בוימער" — ווי ער האָט עס דעמאָלס אָנגערופן. אַצינד געפינט ער שוין גאַנץ אַנדערע ווערטער פאַר אָט דער ליבע צו די פּרטים. ער שרייבט: „איינס מוז מען אין זיי לויבן, זיי פאַרשטעהען און ליבן דאָס פלאַנצן־לעבן, פאַר זיי האָט יעדעס גרעזל, יעדע קרייטעכץ — פון די בוימער שוין ניט צו ריידן — אַ פיזיאָנאָמיע, אַ פּערזענליכן סוד, וועלכן זיי ווייסן צו אַנטדעקן און אויסזאָגן, אָדער לפּחות מרמז זיין".
זעהט נור, ווי נאָרדויס שפּראַך איז שוין דאָ האַרציגער און ווייכער געוואָרן!

באַ פּואווי־דע־שאַוואַן האָט ער שפּעטער געלויבט די פרימיטיוויטעט און ער האָט זי אָנערקענט אַלס עכט און אויפריכטיג, בשעת ער האָט פריער זי חושד געווען און געהאַלטן פאַר אַ פּאָזע. און ענדליך געפינט ער שוין אין מילע און קאָנסטאַנטין מעניע, דעם מאָלער און סקולפּטאָר, קינסטלער, צו וועלכע ער קאָן זיך שוין כמעט אָהן תנאים באַפריינדן. אמת, זיי פּאַסן אַם מיינסטן צו זיין געשמאַק. זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ רעאַליזם, ניט אַזאַ גראָבן, — דער גראָבער רעאַליזם פון קורבע און אין מיאוסקייט זיך גריבלענדער זאָלאַ האָבן אים געעקלט, — אַ רעאַליזם, וואָס דריקט זיך אויס אייגנטליך מער אינ׳ם שטאָף גופא איידער אין דער קונסטפאָרם. מילע׳ס לאַנדאַרבייטער און מעניע׳ס פאַבריקאַרבייטער זיינען שענער, עדלער, ווי זיי זיינען אין לעבן. און דאָס איז עס גראָד, וואָס נאָרדוי האָט אַזוי פאַרעהרט אין דער קונסט: לעבן, א אַרבייטספרעהליכעס איינפאַכעס לעבן אָהן חכמות, אַ צוריקקעהרן צו דער נאַטור, אָפּגעטרעטן פונ׳ם שטעטישן טומעל, אָבער אָהן דער פּראַזע פון רוססאָ; שיינקייט, אַבער ניט קיין נאַטור־פרעמדע, נאַטור־פיינדליכע שיינקייט, קורץ: אַ מזיגה פון רעאַלן און אידעאַלן, פון קיין זאַך ניט צו פיל אָדער צו ווייניג, נאָר אקוראַט אין דער מאָס. אָבער די יוגענט ווייסט ניט פון קיין מאָס, און דאָרט וואו נאָרדוי בייזערט זיך און שרייט: דאָס איז אומנאַטור, דאָרט איז דאָך אין אמת׳ן געווען בלויז אַ ראַנגלען זיך צו געפינען אַ אויסדרוק און דאָס האָט געמאכט שטאַמלען די קינסטלער. נאָרדוי האָט ניט געוואָלט גלויבן אין דער אויפריכטיגקייט פון אָט דעם ראַנגלען און האָט געהאַלטן דאָס שטאַמלען פאַר אַ גאוה׳דיגער פּאָזע.

האָט ער ביסלעכווייס אָנגעהויבן בעסער פאַרשטעהן, אָדער איז ער בלויז מיד געוואָרן, אָט דער מוטיגער נביא פון דער אויפקלערונג?

רחל ווישניצער־בערנשטיין.

# פון נאָרדויס קונסטקריטיקען

„פון וואנען נעמט זיך דער מערקווירדיגער כשוף, וואָס ווירקט אויף אונז פון די מענער פון דער איטאַליענישער רענעסאַנס? ווייל זיי זיינען געווען אוניווערסאַל מענשן. אַלע זייערע פעהיגקייטן זיינען געווען אינגאנצן אנטוויקלט, אלע מעגליכקייטן, וואָס האבן אין זיי געשטעקט, זיינען אנטוויקלט געוואָרן ביז צום לעצט ... און די קינסטלער זיינען געווען אלעס, וואָס זיי האבן געוואָלט זיין. מיקעלאנדזשעלאָ האָט געמאָלט, געפּאָרעמט און געבויט דעם קופּאָל פון סט. פּעטער און געשריבן וואונדערשיינע שירים. בענווענוטאָ צעלליני האט געקאָנט ארבייטן אי מיט דער לאָפּעטקע אי מיט׳ן טרייבהאַמער, אי מיט׳ן בליישטיפט אי מיט דער פּעדער, און מיט דער שווערד גלייך ווי מיט אלע אַנדערע ווערקצייג. מאַקיאַוועלי האָט פּונקט אַזוי וואונדערבאַר אַד־מיניסטרירט ווי ער האָט געשריבן, און לעאָנאַרדאָ האָט געמאָלט די נאַכט־סעודה צווישן אַ מוזיקאַלישער קאָמפּאָזיציע, א אויס־פאָרשונג אין דער מעכאַניק, אַ פּלאַן פון אַ פעסטונג, אַ מאָדעל פון אַ טריומף־וואָגען און אַ פּלאַן וועגן אַ באוואַסערונגס־קאַנאַל״. (די געזעלשאַפטליכע אויפגאבע פון דער קונסט. פונ׳ם בוך: „פון קונסט און קינסטלער״ 1905.)

„די טאָפּאָגראַפישע און נאַציאָנאַלע אונטערשיידען האָבן ניט באמת אין דער קונסט קיין אינערליכע, גייסטיגע בארעכטיגונג. העכסטנס נאָר אַ בעקוועמליכקייטסווערט, אַזוי ווייט ווי זיי מאַכן מעגליך אויסערליכע גרופּירונגען, כדי גרינגער צו מאַכן די איבערזיכט. די גאַנצע אייראָפּעאישע קונסט איז איינהייטליך״. (די אַלטפראַנצויזישע מייסטער.)

„דאָמיע איז אַ איינזאַמער. ער האָט ניט קיין קורבות מיט קיינעם פון זיין צייט. דאָך איז ער אַביישפּיל פון גלגול. דען אין אים האָט ווידער אויפגעלעבט האָגאַרט, אָבער אַ האָגאַרט, וועלכן פון זיין זייט וואָלט באזעלט אַ פינקעלע פון רעמבראַנדט׳ס גייסט.״ (אַ יאָרהונדערט פראַנצויזישע קונסט.)

„די ערשטע, וואָס זיינען אָנגעלאָפן מיט טומל און ווילדן מאכן מיט די הענט, אַרום די געוואַגטע פּרעדיגער פון דער נייער ישועה־לעהרע, זיינען געווען שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען קיין טאָן פון מאָלעריי און וואָלטן ניט פעהיג געווען צו אונטערשיידן צווישן אַ איילפאַרבדרוק פאַר אַ קוטשער־שענק און אַ עכטן לעאָנאַרדאָ; צי איז אַ בילד פאַרשוואַרצט צי דורכגעטרונקען פון זונען־ליכט, צי איז אַ מענטשן־געשטאַלט אומבאַהאָלפן סטיליזירט, צי אמת נאַטירליך געפילט געווען, — דאָס איז פאַר זיי געווען אַזוי לחלוטין גלייכגילטיג ווי די פאַרב פון דער כינעזישער קעניגינס שלאָף־ראָק. אָבער זיי האָבן געשפּירט, אַז די דאָזיגע באַוועגונג אין דער קונסט שטעהט עפּיס אין אַ שייכות מיט די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע געדאנקן און געהט אַקעגן דער רעגירונג. ס׳האָט זיך זיי געדאַכט, אַז עדוואַרד מאַנעס נאַקעטע פּרויענצימער שרייען: נידער מיט נאַפּאָלעאָנען! די פונקעלדיגע מיטאָגסליכט פון קלאָד מאָנע האָט זיי אויסגעוויזן ווי אַ נקמה־געשריי אַקעגן דעם מלוכה־איבערקערעניש. פּיסאַראָס לאַנדשאַפטן האָבן זיי משיג געווען ווי אַ מין אילוסטראַציע צו וויקטאָר הוגאָס „באַשטראָפונגען״, און רענואַרס טאַנצנדע גריזעטקעס האָבן דייטליך אויסגעדריקט פאַר זיי א פאַרניכטענדען משפט איבער דער מעקסיקאַנישער עקס־פּעדיציע. אַלע שונאים פונ׳ם קייזערטום האָבן באַטראַכט דאָס „פריילּיכט״ אַלס אַ פונקט פון זייער פּאָליטישן פּראָגראַם. האָט איינער געוואָלט זיין אַן אמת׳ער רעפּובליקאַנער, האָט ער געמוזט שווערן אויף׳ן רעאַליזם. אויף אזאַ אופן זיינען גאַמבעטאַ און זאָלאַ געוואָרן פאַנאַטיקער פון דער נייער ריכטונג; ניט מחמת עסטעטישע טעמים, אַזעלכע זיינען ניט געווען באַ ביידן, נאָר מחמת אָפּאָזיציאָנעלקייט ... דער רעאַליזם האָט אַרום 1868 באַטייט אַ מרידה אַקעגן אַ שטיק פון דער אַווטאָריטעט פונקט אַזוי ווי דער רעפּובליקאַניזם. זיינען דען ניט אין 1848־ער יאָר אַ פאַרוואַקסענע באָרד און אַ צוקנייטשטע שליאָפּע געווען סימנים פון רעוואָלוציאָנערער געזינונג? און איז ניט אַרום 1895 אַ ברייט־צולאָזטער קראַוואַט געווען אַ סימן, אַז דער מענטש האַלט פון פערזן אָן גראַם און פון מעטערלינקן?״ (דער טריומף פון אַ רעוואָלוציע.)

„אין ווערלען׳ס אופן ווי זיך אויסצודריקן פאַלט אויף צוויי זאַכן: ערשטענס דאָס אָפטע איבערחזרן איין און דאָס זעלבע וואָרט, איין און דיזעלבע ווענדונג, יענעס „איבערקייען״ וואָס מיר קענען אַלס סימן פון שוואַכזיניגן דענקען. כמעט אין יעדן געדיכט זיינעם ווערן איינצעלנע פערזן, אָדער האַלבפערזן עטליכע מאָל איבערגעחזרט אָהן שום ענדערונג, און אַנשטאַט אַ וואָרט צום גראַם קומט אָפט דאָס זעלבע וואָרט ווידער אמאָל.״ (ענטאַרטונג.)

„מ׳זאָל ניט אָפּלייקענען, אַז די דאָזיגע דיכטערישע מעטאָדע באַ ווערלענען גיט אַמאָל זעהר שיינע רעזולטאַטן. אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור זיינען דאָ ווייניג שירים, וועלכע וואָלטן געקאָנט שטעהן אין איין רייה מיט׳ן „האַרבסט ליעד״. (ענטאַרטונג.)



אַ פראגמענט פון דעם כתב פון דער יידישער קהילה אין יֶב (עלעפאנטינע) צו בַגוֹהִי, דעם פערסישן אויפזעהער אין יהודה.

A FRAGMENT OF A LETTER OF THE JEWISH COMMUNITY OF ELEPHANTINE TO BAGOHI, THE PERSIAN GOVERNOR OF JUDAEA. FROM ED. SACHAU, DREI ARAMÄISCHE PAPYRUSURKUNDEN AUS ELEPHANTINE, 1907.

# די אויסגראָבונגען אין עלעפאנטינע

א יידישע מיליטער־קאָלאָניע אין דרום־מצרים פון 500 פאר קריסטוס.

איינע פון די וויכטיגע מקורים אויפן געביט פון דער פאָרשונג פון דער אלטער וועלט זיינען די אויסגראָבונגען. און אויב עס גיט זיך איין אויסגראָבן כמעט א גאנצע שטאט, ווי יריחו א שטייגער, דאן האט פאר זיך דער היסטאָריקער פון דער אלטער געשיכטע א גרויסן מקור, פון וועלכן ער קאָן שעפּן זיין מאטעריאל; געפינט מען בא אויסגראָבונגען פארשיידענע מכשירים, ווי כלים, געצייג א. אז. וו., זעהט פאר זיך דער היסטאָריקער די ווירטשאפטליכע אנטוויקלונג פון דער אָדער יענעם לאנד, זעהט ער צו באשטימען די צייט, צו וועלכער זיי געהערן, און אויף אזא אופן — די קולטורעלע מדרגה פון דער מלוכה בכלל. גליקט נאָך אבער אָפּ צו געפינען שריפטליכע דאָקומענטן, אָפיציעלע אקטן פון א רעגירונגס־אינסטיטוציע, אָדער גלאַט חבורים פון איינצעלע פערזאָנען, וואָס ווארפן א ליכט אויף דעם אלגעמיינעם לעבן פון א פאָלק אָדער פון אן איינצעלנער געמיינדע, — דאן איז די לאגע פון דעם היסטאָריקער אויך פון דער אלטער וועלט פונקט אזוי, ווי פון דעם נייעם היסטאָריקער: ער האט שוין אויך זיכערע מקורים, אויפן סמך פון וועלכע ער קאן שילדערן דאס לעבן פון פאָלק.

אזא מין געפינס פון שריפטליכע דאָקומענטן, וואס איז לויט זיין באדייטונג, איינער פון די וויכטיגסטע אויפן געביט פון דער אלטער געשיכטע, האט מען מיט 15 יאָר צוריק געפונען אין אן אלטער יידישער מיליטער־קאָלאָניע, און דורך דעם איז געשאפן געוואָרן א נייער קאפיטל אין דער אלטער יידישער געשיכטע.

ווידער א מאָל איז דאס מצרים, דאס לאנד, וואס האט געשפילט אזא ראָל סיי אין דער לעגענדע פון דער יידישער געשיכטע, סיי אין איר ווירקליכקייט. אויף דער ווי ס פ ע ע ל ע פ א נ ט י נ ע, אין דרום מצרים, אנטקעגן דעם איצטיגן א ס ו אַ ן (סוען), אויף מצריש: י ע ב, האט מען צווישן גריכישע און דעמאָטישע פאפירוס געפונען א גרויסע צאל פאַפירוס, וואס געהערן צו דער יידישער קהלה פון עלעפאנטינע. א ל ע י י ד י ש ע פ אַ פ י ר ו ס ז י י נ ע ן ג ע ש ר י ב ן א ו י ף אַ ר אַ מ ע א י ש.

די שטאָט, וואס הייסט אויך מיטן נאמען פון דער ווי ספ ע: ע ל ע פ א נ ט י נ ע, איז איינע פון די עלטסטע שטעט, וואס די געשיכטע קען. איר מצרישער נאָמען איז י ע ב, — די „העלפאנט־שטאָט", לויט עדוארד מייער. דער איצטיגער נאָמען עלעפאנטינע שטאמט פון די גריכן. לויטן האנדל, האט די דאָזיגע שטאָט געשפילט אין מצרים א גרויסע ראָל שוין אין דער עלטסטער תקופה פון דער ממשלה פון די פרעה׳ס, נאך פאר 2160 פאר קריסטוס. עדוארד מייער האלט אפילו, אז דער נאָמען פון דער שטאָט גופא איז כולל איר אמת׳ע באדייטונג: פון איר פלעגן די מִצְרִיִּים באקומען דאס העלפאנטביין פון נוביע, פון דעם לאנד כוש, ווייל נאָר אין דער עלטסטער עפּאָכע, נאָך איידער מ ע נ ע ס האט געגרינדעט די מצרישע מלוכה, זיינען אין מצרים גופא געווען העלפאנטן. — מיליטעריש איז דאס געווען איינע פון די וויכטיגסטע פעסטונגען פון מצרים. צוליב דער געאָגראפישער לאגע האט די דאזיגע פעסטונג געדארפט אָפּהיטן קעגן דעם אריינדרינגען פון די כושים — פון דעם מעריב ברעג פון ניל, — און אויך די גרעניצן אין דרום. דעריבער הייסט טאקע די דאָזיגע פעסטונג אין די מצרישע דאָקומענטן: „דער דרום־טויער". די גארניזאָנען פון די פעסטונגען פלעגן באשטיין פון פרעמדע געדונגענע סאָלדאטן. א דאנק זיי האָבן זיך די פרעה׳ס געהאלטן. אבער אויפשטאנדן, וואס פלעגן דערגרייכן קרוב צו גרויסע מרידות, פלעגן גלייך אויסברעכן אויך בא די דאָזיגע גארניזאָנען, ווי נאָר דער פרעה האט געהאט עטליכע חדשים ניט געצאָלט קיין געהאלט.

וואס אבער אונז אינטערעסירט דער עיקר, איז די עפּאָכע, בעת אויך מצרים איז געווען אונטערטעניג פריער צו א ש ו ר און דערנאָך צו פּ ר ס, דאס הייסט: אן ערך די תקופה פון 8־טן ביז׳ן 5־טן יאָרהונדערט. אָט די פירהונדערט יאר זיינען די וויכטיגסטע סיי אין דער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק, אזוי אויך אין דער געשיכטע פון דעם יידנטום. אין דער דאָזיגער עפּאָכע איז רעפאָרמירט און פארענדיגט געוואָרן די יידישע געזעצגעבונג.

די ערשטע פראגע וועט אלזאָ זיין, ווי א ל ט איז די יידישע קאָלאָניע פון עלעפאנטינע? וואָרים ווייסנדיג, אן ערך, ווען די דאָזיגע קהלה איז אנטשטאנען, וועלן מיר קענען זוכן אין די פאַפירוס אויך א שטיץ־פונקט פאר דער קריטיק אויפן געביט פון תנ"ך; מיר וועלן אפשר קאָנען דאן פאַרגלייכן די רעליגיעזע באדינגונגען, בא וועלכע עס האבן געלעבט אין דער זעלביגער צייט די יידן אין פאלעסטינע און די יידן אין דער דיאַספּאָרע. דערצו אבער מוזן מיר זאגן א פּאָר ווערטער וועגן דער וויסענשאפטליכער קריטיק אויפן געביט פון תנ"ך, בנוגע צו זיין געזעצגעבונג.

אויסער קליינע חלוקי־דעות וועגן איינצעלנע פרטים, איז אנגענומען בהסכם כולם בא דער וויסענשאפטליכער וועלט, אז די געזעצגעבונג פון חומש באשטייט פון דריי פארשיידענע מקורים: די ע ל ט ס ט ע געזעצגעבונג, דער אזוי גערופענער „ספר הברית" (שמות 13, 23—24, 20), די צ ו ו י י ט ע געזעצגעבונג, דער חומש ד ב ר י ם, און די ד ר י ט ע דער אזוי גערופענער „כהנים־קאָדעקס" (תורת־כהנים: א טייל פון שמות, ויקרא און במדבר).

דער עלטסטער געזעץ איז אן אגראר־געזעץ, ארויסגעקומען, ווי דאס רוב בא אן ערשטער געזעצגעבונג, פון דער רגילות פון דער איינגעוואוינטער באציהונג צווישן די מענטשן. לויט

זיין סאָציאלן אינהאלט איז ער א דראקאָנישער. עס איז גענוג צו דערמאָנען זיך אָן די פּאַראַגראַפן וועגן די קנעכט. די באַציהונג פון דעם פאָלק צו זיין גאָט האט דער דאָזיגער געזעץ נאָך קלאר ניט פאָרמולירט, אָדער ריכטיגער געזאָגט: ער האט ניט גענוי פאָרמולירט דעם קולט. מקריב זיין מעג מען, אָדער בעסער געזאגט מ׳מוז, אויף יעדן בארג און בערגל. אז אין דער אלטער צייט איז ניט נאָר יהוה אליין פאַרעהרט געוואָרן פון די יידן, נאָר פונקט אזוי אויך בעל און אשתורת, ווייס מען. דער קאמף קעגן דעם דאָזיגן פּאָליטעאיזם איז נאָך דעם קאמף פאַר דער סאָציאַלער גערעכטיגקייט, געווען דער וויכטיגסטער פונקט בא די נביאים. זיי האבן דאס צוגעגרייט דעם באָדן פאר דער נייער געזעצגעבונג.

דער דאָזיגער נייער געזעץ איז פארעפנטליכט געוואָרן אין דעם אכטצעטן קעניגס־יאָר פון דעם מלך יאשיהו (621 פאר קר.) דאס איז דער „ספר־התורה“, וואס דער כהן גדול חלקיהו האט „געפונען“ אין בית המקדש און איבערגעגעבן דעם קעניג יאשיהו׳ס סעקרעטאר, שפן׳ען. עס זיינען שוין ניטאָ כמעט קיין חלוקי דעות וועגן דעם, אז דער דאָזיגער „ספר־התורה“ איז אונזער ספר דברים. עס קאן נאָר זיין א פראגע, — ווי ווייט אונזער חומש, וועלכן מיר האבן איצט, איז דורך די פארשיידענע רעדאקציעס געענדערט געוואָרן. דער געזעץ אבער בעצם איז פונקט דער זעלביגער סיי אין דברים, אזוי אויך אין מלכים ב׳ קאפ. כ״ג. אין דברים ווערט געזאגט: „פאַרטיליגן זאָלט איר אלע ערטער, וואו עס האבן געדינט די פעלקער, וועלכע איר וועט פארטרייבן, צו זייערע געטער, אויף די הויכע בערג און אויף די בערגלאך און אונטער יעטוועדן טענענבוים; צעשטויסן זאָלט איר זייערע מזבחות און צעברעכן זייערע מצבות און זייערע אשרות (די לינדען־ביימער) זאָלט איר פארברענען אויף׳ן פייער, און די בילדער פון זייערע אָפּגעטער זאָלט איר פארשניידן, און פארטיליגן זאָלט איר זייער נאָמען פון יענעם אָרט“. און אין דעם באפעל פון דעם קעניג יאשיהו הייסט עס: „און דער קעניג האט פארזאָגט דעם כהן גדול חלקיהו און די כהנים זיינע העלפער, און די היטער פון דעם שוועל, ארויסצוציען פון גאָטס היכל אלע כלים, וואס זיינען געמאכט געוואָרן פארן בעל און פאר דער אשרה און פאר אלע אנדערע הארן פון הימל, און מ׳זאל זיי פארברענען מחוץ פון ירושלים“ א. א. וו.

קורץ, — מיט דער דאָזיגער געזעצגעבונג, מיט וועלכער יהוה ראנגלט אויס פאר זיך די אלמאכט, הייבט זיך אן די קאָנצענטראציע פון דעם קולט אין איין אָרט. זי ווערט פארענדיגט נאכן גלות־בבל מיט דעם „כהנים־קאָדעקס“, מיט עזרא׳ס געזעצגעבונג, וואס איז אנטשטאנען אויפן סמך פון יחזקאל הנביא׳ס פראָגראם. אזוי זעהען מיר אז אין 5־טן יאָרהונדערט, נאך דעם, ווי דער בית המקדש איז ווידער אויפגעריכט געוואָרן, איז שוין געווען נאָר ירושלים דער איינציגער אָרט, וואו מ׳האט געמעגט ברענגען קרבנות צו גאָט. אויף אזא אופן, איז די פראגע, ווי אלט עס איז די יידישע קהלה פון עלעפאנטינע איינע פון די וויכטיגסטע. דאס לעבן פון דער קהלה אין דער דיאספּאָרע דאַרף ווארפן א ליכט אויף דעם לעבן פונ׳ם פאָלק אין דעם אייגענעם לאנד גופא.

אין דעם פאפירוס 1, דעם וויכטיגסטן כתב, פון וועלכן מיר זעהען דעם רעליגיעזן לעבן פון דער קהלה און וועלכן מיר ברענגען אונטן אין אָריגינאל, — דעם כתב, וואס די יידישע קהלה פון יעב (עלעפאנטינע) שיקט „צו דעם האר בגוהי“, דעם פירסט פון יהודה, און זי איז מודיע, אז די מצריים האבן חרוב געמאכט זייער בית־המקדש, זאגט, אמת, די קהלה, אז „אונזערע עלטערן וואוינען דאָ פון די צייטן פון די מצרישע מלכים אָן“, כדי שטארקער צו באטאָנען, אז מ׳איז שוין אלטע תושבים אין עלעפאנטינע, און אז די קהלה איז דעריבער בארעכטיגט צו האבן אן אייגענעם טעמפל פאר איר אייגענעם גאָט יהוה. אויב אז דאס וואָלט געווען ריכטיג, וואָלט שוין די יידישע קהלה פון עלעפאנטינע געווען אלט, לכל הפחות, א דריי טויזנט יאָר, ווייל זי עקזעסטירט, לויט ווי זי גיט אָן, פון „די צייטן פון די מצרישע מלכים אָן“ ד. ה. שפעטסטנס פון דעם 3־טן יאָרטויזנט פאר קריסטוס. דאס איז אבער פונקט אזא גוזמא, ווי די פיל אנדערע גוזמאות, וואס מ׳טרעפט אן אין די מסורות בא אלע פעלקער. היות אבער, ווי בא די דאָזיגע אויסגראָבונגען האט מען קיין שום דאָקומענט, וואס זאָל ווייזן, אז די דאָזיגע קהלה איז אזוי אלט, און אלע פּאַפּירוס, וואס מ׳האט געפונען, זיינען נאָר פון דעם 5־טן יאָרהונדערט פון פאר קריסטוס, וועלן מיר דארפן זוכן אן ערך אָט די תקופות אין דער יידישער געשיכטע, בעת א גרויסע אויסוואנדערונג האט געקאָנט פאָרקומען און איז פאָרגעקומען.

ווייט זוכן דארפן מיר ניט. אזוינע עפּאָכעס, לויט זייער גרויס, זיינען געווען אין דער יידישער געשיכטע ביז צו דעם 6־טן און 5־טן יאָרהונדערט פאר קריסטוס דער עיקר צוויי: חורבן שומרון און חורבן ירושלים. שומרון איז באצוואונגען געוואָרן פון אשור אין 722־טן יאָר פאר קריסטוס. ירושלים און דעם בית ראשון האט אינגאנצן חרוב געמאכט נבוכדנאצר אין 586. אין דער זעלבער צייט, בעת אשור האט חרוב געמאכט שומרון, האט אשור געוועלטיגט אויך איבער מצרים. דעריבער איז שווער צו גלויבן, אז די אנטרונענע פון שומרון און גאנץ ישראל, די אזוי גערופענע „עשרת השבטים“, זאָלן לויפן פון פייער אין וואסער: פון דער אייגענער לאנד פארטריבן צו ווערן פון אשור און פליען קיין מצרים, וואו עס הערשט די זעלביגע מלוכה. פון דער אנדער זייט אבער קאָן אויך געמאָלט זיין, אז די יידן זיינען אוועקגעפירט געוואָרן אלס אונטערטעניגע און שקלאפן דווקא אין דעם ווייטסטן אָרט, וואו עס האט דערגרייכט די ממשלה פון אשור. דאס אבער וועט נאָר זיין א השערה, אין דער צייט, ווען מיר האבן גענויערע ידיעות פאר א שפעטערדיגערער צייט. מיר ווייסן, אז בעת חורבן ירושלים איז ירמיהו הנביא געצוואונגען געווען פון א גרויסער צאל יידן צו גיין מיט זיי קיין מצרים. ירמיהו האט געמוזט נאכגעבן. דא האבן מיר א נאָטיץ פאר אונזער פראגע. געוויס, זי ווערט ניט אויסגעשעפּט דורך דעם, ווארים אין דעם פאל זיינען די יידישע אנטרונענע גיכער געבליבן אין צפון־מצרים, ווי אין דרום, הגם עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אז א טייל זאָל האבן אַריבערגעוואנדערט קיין דרום. דאס וויכטיגסטע איז אבער, וואס מיר ווייסן, אז די גארניזאָנען פון די מצרישע פעסטונגען פלעגן באשטיין אין יענער צייט פון געדונגענע

סאָלדאטן. א גרויסער טייל פון זיי איז געווען פון סוריא און פון פאלעסטינע, דאס הייסט אויך פון יידן. ווארים אונזער קאָלאָניע גופא איז א יידישע מיליטער־קאָלאָניע. אויף אזא אופן, ווען מיר אויך פון דער זייט קומען צו דער צייט, בעת מיט דער הילף פון די געדונגענע פרעמדע חיילות האבן פסאמעטיך I (664—609) און פסאמעטיך II (594—588) אראָפּגעוואָרפן דעם יאָך פון אשור, אויפגעריכט צוריק די מצרישע מלוכה, און עלעפאנטינע איז געוואָרן צוריק שטארק אלס פעסטונג. קורץ, עס וועט ניט זיין קיין גראָבער גרייז, ווען מ׳זאָל זאָגן, אז די יידישע קהלה אין עלעפאנטינע מוז שטאמען פון דעם 7־טן און 6־טן יארהונדערט פאר קריסטוס.

ווען, און ווי אזוי האט מען די דאָזיגע פאפירוס אויסגעגראבן? שוין בימי נאפאָליאָן איז געווען א פראנצויזישע וויסנשאפטליכע עקספעדיציע אין מצרים און אין עלעפאנטינע. אויסער באאָבאכטונגען האט זי אבער, אויף וויפל איך ווייס, קיין ממשותדיגערעס ניט אויפגעטאן. ערשט קורץ פאר דעם סוף פון דעם 19־טן יארהונדערט איז די וויסנשאפטליכע וועלט געוואָרן אויפמערקזאם אויף די אוצרות, וואס עס ווערן אויסגעגראבן אויפן אָרט פון דער אלטער גרויסער מצרישער פעסטונג. די צעפוילטע חורבות זיינען פאר די פעלאכן געווען א גוטער מיטעל אויף צו גראבן און מיסטיגן מיט דעם די פעלדער. אזוי ארום, האט זיך אין דער גאנצער געגנט גענומען וואלגערן אויסגעגראבענע שטיקלאך פון פארשידענע פאפירוס, אָסטראַקאַ (שערבלאַך) מיט אַראמעאישע אויפשריפטן א. א. וו. א טייל פארהעלטניסמעסיג גאנץ געבליבענע פאפירוס האבן שוין ראָבערט מאָנד און וויליאם סעסיל אין 1904 אפגעקויפט בא אַסואַנער הענדלער, און די דאָזיגע פאפירוס זיינען ארויס אין לאָנדאָן אין 1906: **Aramaic papyri discovered at Assuan, edited by A. H. Sayce with the assistance of A. E. Cowley, London (1906).** נאָך איינעם א וויכטיגן דאָקומענט האט באקומען די שטראסבורגער מלוכה־ביבליאָטעק אין 1889, ארויסגעגעבן פון אויטינג אין 1903.

דאָס האט געגעבן דער וויסנשאפטליכער וועלט — פריער דער דייטשישער, דערנאך אויך דער פראנצויזישער — דעם לעצטן שטויס אויף צו שיקן אן עקספעדיציע קיין עלעפאנטינע, וואס זאָל דורכפירן די אויסגראָבונגען. אין 1906 האט די גענעראל־פאַרוואלטונג פון די בערלינער מוזעען באקומען דערצו די נויטיגע דערלויבעניש און ארויסגעשיקט די עקספעדיציע אונטער דער אנפירונג פון פראָפעסאָר א. רובינזאָן.

געגראבן האט די דייטשישע עקספעדיציע אין דריי קאַמפאניעס: פון 1906 ביז 1908. בא דער ערשטער קאַמפאניע האט מען געפונען א גרויסע צאל גריכישע און דעמאטישע פאפירוס פון דער שפעטערדיגער פטאָלאָמעישער צייט; בא דער צווייטער און דער דריטער — די אומגעהויערע צאל פון די יידיש־אראמעישע פאפירוס, וואס אינטערעסירן אונז דער עיקר. גלייכצייטיג, בא דער צווייטער און דער דריטער קאַמפאניע, האט אין דעם מזרח׳דיגן טייל פון דער שטאט געגראבן אויך א פראנצויזישע עקספעדיציע אונטער דער אנפירונג פון קלערמאן־גאנא. קיין פאפירוס אבער האט די פראנצויזישע עקספעדיציע נישט געפונען, האט אבער אויסגעגראבן דעם טעמפל פון דעם אלטן מצרישן גאָט חנובֿ, אָדער חנום. די דאָזיגע אראמעאישע פאפירוס פון דער דייטשישער אויסגראבונג האט אינגאנצן ארויסגעגעבן עדואַרד זאכוי (לייפציג, 1911).

מיר קומען איצט צו דעם אינהאלט פון די פאפירוס גופא. דאס וויכטיגסטע איז פאר אונז צו זעהן דעם רעליגיעזן לעבן פון דער יידישער קהלה אין עלעפאַנטינע. מיר זעהן דא פאר זיך דעם לעבן פון דער יידישער קהלה אין דער דיאַספאָרע אין סוף פון דעם פינפטן יארהונדערט, און ער איז אזא, ווי ער איז געווען אין יהודה נאָך פארן איינפירן דעם קאָנצענטרירטן קולט דורכן קעניג יאשיהו אין 621־טן יאר. אין דעם פאפירוס 18, טרעפן מיר א גרויסע רשימה פון די פערזאָנען, וואס צאלן שטייער פאר די רעליגיעזע הצטרכותן. עס זיינען פארצייכנט 129 נעמען, דער דאָזיגער פאפירוס איז זייער גאנץ. אין דעם 7־טן אפזאץ איז אנגעגעבן דער סך הכל פון די געלט, אינגאנצן 31 כַּרְשָׁן מיט 8 שֶׁקֶל. אין דער עלפטער שורה ווערט אויך געזאגט וואס מ׳האט געטאן מיט די געלט. עס שטייט געשריבן: פאר יֵהוּ (דאס איז דער אפגעקירצטער נאמען פון דעם יידישן גאָט יהוה) 12 כרשן מיט 6 שקל, פאר אֲשֶׁמְבֵּיתְאֵל 7 כרשן און פאר עֲנָתְבֵּיתְאֵל 12 כרשן. מיר זעהן אלזאָ, אז די יידישע קהלה פון עלעפאַנטינע פארערט אין דעם סוף פון 5־טן יארהונדערט, (ווארום אלע פאפירוס זיינען פון יענער צייט) צוגלייך מיט יהוה נאָך אנדערע צוויי געטער; דער לעצטער גאָט, ריכטיגער: געטין, באקומט כמעט אזוי פיל, וויפיל עס באקומט יהוה. דא האבן מיר נאָך פאר זיך די יידישע פאָלקס־רעליגיע: דעם אלטן בעל און די אֲשְׁתּוֹרֶת. דאס איז די זעלביגע פאלקס־רעליגיע, קעגן וועלכער די נביאים האבן געקעמפט. איידער עס איז נאָך אנטשטאנען די קאָנצענטראַציע פון דעם קולט און איידער יהוה האט בייגעקומען די אנדערע געטער. דער גאָט אַשמביתאל, אזוי ווי ער איז דא געשריבן, איז אונז ניט באקאנט; ענליכע געטער געפינען מיר אבער. אזוי, א שטייגער, האלט אונגנאד, אז דאס איז דער זעלביגער פייער גאָט פון בבל, דער גאָט אישום; לידצבארסקי האט אים אידענטיפיצירט מיט דער געטין סים פון צפון־סוריא און גרעסמאן איז זיכער, אז ער איז גלייך מיט דער „אשמת" פון שומרון, וועגן וועלכן עס רעדט עמוס אין דעם 8־טן קאפיטל. די צווייטע געטין אבער, „ענת", איז גענוי באקאנט. מיר קאָנען דא ניט רעדן פון קיין אַבסאָלוטן געצנדינסט, נאָר מיר זעהען דא פאר זיך, ווי מיר האבן שוין געזאגט, די יידישע פאלקס־רעליגיע, וואו נעבן יהוה שטייען נאָך אנדערע געטער, ניט וועלענדיג קלענער מאכן דערמיט זיין מאכט; ווארים אלע נעמען, וואס מיר טרעפן אין די פאפירוס האבן נאָר א שייכות מיט יהוה, ניט מיט די אנדערע געטער.

ווארים וואס פארלאנגט די ידישע קהלה פון עלעפאַנטינע אין איר צווייטען כתב צו יהוחנן דעם, כהן־גדול פון ירושלים,

שילדערנדיג, ווי אזוי די מצריים האבן חרוב געמאכט יהוה׳ס טעמפל (מיר מעגן רוהיג זאגן: „בית־המקדש״) אין עלעפאַנטינע? זי פארלאנגט, אז מ׳זאָל דערלאָזן צוריק אויפבויען דעם טעמפל, כדי מ׳זאָל קאָנען ברענגען, ווי פריער, קרבן עולות, קרבן מנחות און ווייררויך. קורץ, די יידישע קהלה פון עלעפאנטינע האט נאָך צום סוף פון דעם 5־טן יארהונדערט קיין שום השגה ניט פון דער אנטוויקלונג, וואס עס איז פארגעקומען אין ירושלים פאר די לעצטע 200 יאר. די דאָזיגע קהלה האט געמוזט אנטשטיין, ווי מיר האבן געזעהן, אין דעם 7־טן און אנהייב פון דעם 6־טן יארהונדערט, דעריבער האט זי לחלוטין ניט געוואוסט פון דער גרויסער רעפאָרם, וואס יאשיהו האט אַריינגעבראכט אין 621־יאר, און אַ פשיטאָ שוין פון דעם „כהנים־קאָדעקס״, וואס עזרא האט איינגעפירט. וואָרים אויב אפילו די ערשטע צוויי דורות פון עלעפאַנטינע האבן יא געקאָנט וויסן פון דעם נייעם געזעץ פון יאשיהו, האבן אים זיינע זין אין דער צייט פון זייער קעניגן באלד מבטל געמאכט, נאָך איידער די מאסע האט אפילו באוויזן אויפצונעמען אים. דערפאר לעבט נאָך די קהלה פון עלעפאַנטינע מיט די אלטע רעליגיעזע מנהגים פון 7־טן יארהונדערט און איז אזוי תמימותדיג און בעט דעם כהן־גדול פון ירושלים, אז ער גופא זאָל נאָך העלפן אויפצוריכטן דעם טעמפעל פון עלעפאַנטינע. די דאָזיגע קאָלאָניע ווייס נאָך מער ניט ווי פון דעם אלטן געזעץ פון שמות 24, 20. זי ווייס נאָך מער ניט, ווי אז עס איז גאר אפילו א מוז צו מאכן א מזבח פון ערד, צו שעכטן אויף אים קרבנות, עולות און שלמים, צו מאכן א מזבח אויף יעטוועדער אָרט, וואו גאָט וועט דערמאנען זיין נאמען און וואו ער וועט קומען און בענטשן. די דאָזיגע קהלה ווייסט אבער לחלוטין ניט פון דעם נייעם געזעץ, אז מ׳מוז פארטיליגן אלע מזבחות אויף יעדן בארג און בערגל; זי ווייס נישט פון דער קאָנצענטראציע פון דעם קולט, אז נאר דארטן מעג מען איצט ברענגען קרבנות און שעכטונגען, מעשר און תרומה, וואו „יהוה דער גאָט וועט אויסדערוויילן פון אלע זייערע שבטים, אויף צו באהעפטן דאָרטן זיין נאָמען״. דעריבער איז נאטירליך, וואס די קהלה פון עלעפאַנטינע האט ניט באקומען קיין תשובה פון דעם כהן־גדול פון ירושלים אויף איר ערשטן כתב: אין ירושלים האט מען שוין איצט געקוקט אויף אזא עדה יידן העכסטנס אזוי, ווי אויף די שומרונים.

צום גליק אבער האבן מיר צווישן די פאפירוס אויך דעם פראָטאָקאָל פון דער תשובה, וואס די קהלה פון עלעפאַנטינע האט באקומען פון בגוהי, דעם פערסישן אויפזעהער איבער ירושלים, אויף איר צווייטן כתב. די תשובה איז פאר דער קהלה א באַפרידיגענדע. אפשר האט ביי דעם דאָזיגן גוטן רעזולטאט געשפילט ניט קיין קלענערע ראָל „דאס זילבער, וואס דאס איז ווערט״, וואס די שלוחים פון עלעפאַנטינע האבן געהאט בא זיך אויף איבערצוגעבן פערזענליך בגוהי׳ן און וועגן וואס מ׳גיט אן אָנצוהערעניש אין דעם כתב, ווי די הבטחה פון דער קהלה, אז מ׳וועט בעטן גאָט פאר אים.

די תשובה איז א גוטע, אבער איין זאך איז דא א מערקווירדיגע: די קהלה האט געבעטן, אז מ׳זאָל לאזן אויפריכטן צוריק דעם טעמפל, אויף צו ברענגען קרבן עולות, קרבן מנחות און ווייררויך. אין דער תשובה הייסט עס אבער: „אויף צו ברענגען, ווי פריהער, (נאָר!) קרבן־מנחות און ווייררויך״ און וועגן קרבן עולות איז קיין וואָרט נישט דערמאָנט. דאס האט א גוואלטיגע באדייטונג: אויב אז די היעראָקראַטיע פון ירושלים איז נישט געווען בכוח איינגאנצן ניט צו דערלאָזן, אז עס זאָל נאָך ערגעץ זיין אן אָרט, וואו מ׳זאָל קאָנען ברענגען קרבנות צו יהוה, אויסער ירושלים, האט זי אבער אויסגעפירט, אז דאס וויכטיגסטע זאל מען נישט נאכגעבן, ד. ה., אז קיין קרבנות פון בלוט טאָרן ניט געבראכט ווערן אין קיין אנדער ארט, אויסער דעם, וואס איז אויסדערוויילט געוואָרן פון גאָט. אויב די קהלה האט אבער אויך אויסגענוצט די ערלויבעניש און אויפגעבויט פון דאס ניי דעם טעמפל ווייסן מיר ניט. סיי אין די פאפירוס, סיי אין דער אויסגראָבונג בכלל האט מען קיין שום באוויז דערפאר נישט געפונען.

וואס זעהען מיר פון דעם ארויס, און וואס פאר א ליכט ווארפט דער דאָזיגער פאפירוס אויף דער יידישער געשיכטע בכלל? ס׳איז פאר אונז געווען וויכטיג צו וויסן, ווי אלט די יידישע קאָלאָניע פון עלעפאַטינע איז. מיר האבן דאס כמעט ווי מיט דער גרעסטער זיכערקייט פארענטפערט. מיר האבן געזעהן, אז די קהלה האט געקאנט אנטשטיין אין דעם 7־טן יארהונדערט. דאס וויכטיגסטע איז אבער פאר אונז די צייט, פון וועלכער עס שטאמען די פאפירוס גופא. דא האבן מיר שוין גענויע דאטעס אין די וויכטיגסטע פון זיי: דאס איז דער לעצטער פערטל פון דעם 5־טן יארהונדערט פאר קריסטוס. וואָלט די וויסנשאפטליכע קריטיק אויף׳ן געביט פון דעם תנ״ך, אין דעם פאל אויף׳ן געביט פון דער גזעצגעבונג און חומש, געמאכט א טעות סיי אין דער איינטיילונג פון דער געזעצגעבונג, אזוי אויך אין דער צייט, ווען עס איז פארפאסט געוואָרן, וואלט דער רעליגיעזער לעבן פון דער יידישער מיליטער־קאָלאָניע אין מצרים געווען אן אנדערער. אויב אז דער חומש דברים, אָדער אפשר נאָך ויקרא און במדבר, וואָלטן, ווי עס מיינען די אָרטאָדאָקסן, געווען עלטער, ווי עס איז געקומען צו דעם אויספיר די ראציאָנאליסטישע קריטיק — ווער רעדט נאָך, אז די תורה איז געגעבן געוואָרן פון משה׳ן פון בארג סיני! — וואָלט דאָך אויך די יידישע קהלה פון עלעפאַנטינע עפעס געוואוסט פון דעם, און אין אירע רעליגיעזע מנהגים וואָלט מען געפונען אויך א שפור פון דער געזעצגעבונג פון דברים און פון די חומשים ויקרא, במדבר און א טייל שמות. דאס איז אבער ניט אזוי. בעת די יידישע איינוואוינער פון עלעפאַנטינע האבן אויסגעוואנדערט פון יהודה און ישראל, איז נאָך דאס רעליגיעזע לעבן פון די יידן אין פאלעסטינע געווען פונקט אָט אזא, ווי עס האט געלעבט די יידישע קהלה אין עלעפאַנטינע נאָך אין סוף פון דעם 5־טן יארהונדערט. אזוי ארום האט די ראציאָנאליסטישע וויסנשאפטליכע קריטיק געפונען אין די יידיש־אראמעאישע פאפירוס פון עלעפאַנטינע דעם בעסטן באווייז בנוגע אירע געגנער.

וועגן דעם עקאָנאָמישן לעבן פון דער דאָזיגער עלטסטער יידישער קהלה אין דער דיאספאָרע נאָכן גלות־בבל זעהען מיר כמעט דאס אייגענע, ווי פון דעם לעבן פון די

יידן אין בבל. די קהלה, ווי דאס ווייזט פאפירוס 18 פון די שטייערן לטובת די געטער, איז ניט אָרים, די קהל׳ס לייט — באמת רייך. (ווי גרויס די קהילה איז געווען קאן מען גענוי ניט זאגן, נאָר העכער טויזנט נפשות אהן א ספק).

אויסער דעם אומדירעקטן באווייז אויך פון פאפירוס 1, געפינען מיר צווישן דער גרויסער צאל פאפירוס א סך קאָנטראקטן און כתב׳ן, וואס ווארפן א העלן ליכט אויף דעם צום טייל גוטן עקאָנאָמישן לעבן פון דער יידישער קאָלאָניע. דער דוחק אין אָרט וועט אונז דאָ ערלויבן נאָר איבערצוזעצן אייניגע פון די פאפירוס, און מיר מוזן דעריבער אנגעבן אין קורצן דעם אינהאלט פון די וויכטיגערע פון זיי.

אין פאפירוס 15 געפינען מיר צווישן די אָפגעבראָכענע שורות א תביעה פון איינעם א·· זון פון הושע צו איינעם פס·· וועגן געלט. ווי אונגנאד האלט, מוז דאס זיין נוגע א גמילות חסד, וואס פס··· האט ניט אפגעגעבן צו דער צייט···טן, דעם זון פון הושע.

אין פאפירוס 18, ווי מיר האבן שוין דערמאָנט, טרעפן מיר א גרויסע רשימה פון די פערזאָנען, וואס צאלן שטייער פאר די רעליגיעזע הצטרכותן.

אין פאפירוס 27 רעדט זיך, משמעות, וועגן גרויסע געשעפטן. דער זון פון הודיה און אחיאב האבן געדארפט, אין שליחות פון··· אויפקויפן פאר דעם עלעפאנטינער גארניזאָן תבואה און באקומען דערפאר 100 כרשן.

פאפירוס 30, וואס איז געבליבן לחלוטין גאנץ, באווייזט אונז אמבעסטן, ווי הויך די צינזן זיינען געווען. יהוחן האָט געליען בא משלן 4 שקל. דערפאר צאלט יהוחן משלן מאָנאטליך 2 חלכ׳ן׳ס פראָצענט. דאס איז 1/20 פון דער גאנצער סומע און דאס מאכט אויס, לויט עד. מייער, העכער פון 60%. אויב דער גמילות חסד ווערט ניט אפגעגעבן צום יאר צוריק, האט משלן און זיינע קינדער די שליטה אויף יהוחן און זיינע קינדער. דאס הייסט, זיי ווערן פאר די 4 שקל פארקויפט פאר קנעכט.

אין דעם אפגעבראָכענעם פאפירוס 45, וואס האלט 5 שורות, האבן מיר א קאָנטראקט צווישן סמכי דעם זון פון ששי מיט שלמם דעם זון פון גלגל, א קאָנטראקט אויף זילבער, ווייץ און גערסטן. ענליכע געשעפטס־אפמאכן, ווי אויך תביעות, געפינען מיר אין א גרויסער צאל אויך צווישן די איבעריגע פאפירוס.

צום סוף מוזן מיר נאָך זאָגן א פאָר ווערטער וועגן דער שפראך פון דער דאָזיגער יידישער מיליטער־קאָלאָניע. די פאפירוס פון עלעפאנטינע וועלן פאר דער יידישער שפראך־וויסנשאפט, אָדער ריכטיגער פאר דער געשיכטע פון די יידישע שפראכן, האבן א זעהר גרויסע באדייטונג. מיר זעהען דא, אז אין משך פון אן ערך צוויי הונדערט יאר ווערט ניט נאָר די יידישע פאָלקס־שפראך אַראמעיש, נאָר אויך די אָפיציעלע יידישע אינסטיטוציע, די קהלה, שרייבט אירע כתבן, וואס זי שיקט קיין ירושלים, אויף אַראמעאיש.

מאכן מיר דעם סך־הכל פון דעם גרויסן געפינס· פון די אראמעאישע פאפירוס פון דער יידישער מיליטער־קאָלאָניע אין עלעפאנטינע זעהען מיר:

1. אז דאס רעליגיעזע לעבן פון דער דאָזיגער יידישער קאָלאָניע איז אזאָ, ווי עס האבן געלעבט די יידן אין דעם אייגענעם לאנד גופא אין דעם 7־טן יארהונדערט, ד. ה. בעת עס האט נאך מער ניט ווי עקזיסטירט דאס אלטע געזעץ און פון קיין צענטראליזירטן קולט האט מען ניט געוואוסט;

2. אז דורך די דאָזיגע פאפירוס האט די וויסנשאפטליכע קריטיק אויף׳ן געביט פון דעם תנ״ך, און במילא אויף דעם געביט פון דער יידישער געשיכטע, געפונען א באשטעטיגונג; און

3. אז אויך אין דער אלטער צייט, נאָך פארן העלעניזם, איז די יידישע פאָלקס־שפראך געווען ניט נאָר העבראעיש אליין, נאָר אויך די שפראכן, וואס זיינען אין די פארשיידענע תקופות געווען די הערשנדע.

מיר ברענגען דא די איבערזעצונג פון דעם פאפירוס 1 און אַ פראגמענט פון דעם אָריגינאל גופא, לויט דער נומערירונג פון פראָפסעאָר עדואַרד זאַכוי, דעם ארויסגעבער פון די גאנצע פאפירוס. טראנסקריבירט ווי אויך צונויפגעשטעלט די פראגמענטן, האט ה. איבשער. איבערגעזעצט אויף יידיש איז עס פון אראמעאישן אָריגינאל, מיט דער הילף פון דער דייטשישער איבערזעצונג פון זאַכוי און די קריטישע אנ־ווייזונגען פון אונגנאד. רעפראָדוצירט איז דער אָריגינאל מיט׳ן הסכם פון דער בערלינער אוניווערזיטעט־ביבליאָטעק.

פאפירוס 1, דער כתב פון דער יידישער קהילה פון עלע־פאנטינע צו בגוהי, דעם פערסישן אויפזעהער פון יהודה.

1. צו אונזער האר בגוהי, דעם פירסט פון יהודה, דיינע קנעכט ידניה מיט זיינע לייט, די כהנים פון דער פעסטונג יעב. פרידן.
2. פון דעם גאָט פון הימל צו אונזער האר צו יעדער צייט און גנאד זאָל ער מיט דיר טאָן פאר דעם קעניג דריוש.*
3. און פאר זיין הויזגעזינד טויזנט מאל מער, ווי איצט, און ער זאָל דיר געבן לאנגע יאר. און גליקליך און שטארק זאָלסטו זיין צו יעדער צייט.
4. אצונד טוט רעדן דיין קנעכט און זיינע לייט אזוי: אין חודש תמוז אין פערצענטן יאר פון קעניג דריוש, אז ארשם
5. האט ארויסגעצויגן צום קעניג, האבן די כומרים פון דעם גאָט חנוב פון דער פעסטונג יעב אפגערעדט (?) מיט וידרנג, דעם פירסט פון דאנען,
6. אזוי: דעם טעמפל פון דעם גאָט יהו אין דער פעסטונג יעב זאָל מען אפקערן פון דאָרטן. דערנאך האט געשיקט וידרנג
7. דער פארשאָלטענער (?) א בריוו צו זיין זון נפין**, דער פעלדערהאר פון דער פעסטונג סוען (און געשריבן) אזוי: „דעם טעמפל
8. פון דער פעסטונג יעב זאָל מען צעשטערן.״ האט נפין אוועקגעצויגן מיט מצריים און נאָך אנדערע חיילות אין דער פעסטונג יעב (צוזאמען) מיט זייערע געצייג (?).
9. זיינען אריין אין טעמפל, צעשטערט אים ביז צו דער ערד, און די זיילן פון שטיין, וואס זיינען דאָרטן געווען, האבן זיי צעבראָכן. אויך איז פאר־געקומען, אז זיי האבן צעשטערט
10. פינף שטיינערנע מויערן, געבויט פון געהאקטע שטיינער, וואס זיינען געווען אין טעמפל, די הילצערנע טירן און
11. די קופערנע שרויפן און דעם דאך פון צעדערהאָלץ, אלצדינג מיט..*** וואס דאָרטן איז

* דרויש II, 405—424.

** לויט זאַכוי: נעפאיאַן.

*** „עם שורית אשרנא״, אומקלאר.

12. געווען, האבן זיי פארברענט מיט פייער. און די גילדענע און זילבערנע פאַנען פון די קרבנות און די איבעריגע זאכן, וואס זיינען געווען אין טעמפל, האבן זיי אלצדינג גענומען

13. פאר זיך (ווערטליך: פאר זייער זעל). שוין פון די צייטן פון די מצרישע מלכים אָן האבן אונזערע עלטערן געבויט דעם דאָזיגן טעמפל אין פעסטונג יעב. און אז קאַמביזעס איז געגאנגען אויף מצרים

14. האט ער געפונען דעם דאָזיגן טעמפל. און די טעמפלען פון די מצרישע געטער האט מען אלע חרוב געמאַכט, אבער דעם דאָזיגן טעמפל האט קיינער ניט אנגערירט.

15. דערויף, אז מען האט אזוי און אזוי געטאָן, האבן מיר מיט אונזערע ווייבער און קינדער אָנגעטאָן זעק, פאסטן און בעטן צו יָהו דעם האר פון הימל,

16. וואס האט אונז מבשר געווען (?) אויף דעם הונט (?) וִידְרַנְג, אז מען וועט אראפנעמען די קייט פון זיינע פיס* און אלע אוצרות, וואס ער האט דער־וואָרבן, וועט מען צעשטערן און אלע מענער,

17. וואס האבן געפרובט שעדיגן דעם טעמפל, וועלן אלע ווערן געטויט און מיר וועלן זעהן זייער אָפגרונט. שוין דעמאלט, אז מען האט אונז געטאָן די דאָזיגע קלאג,

18. האבן מיר געשיקט א בריוו צו אונזער האר און צו יהוחנן דעם כהן גדול און צו זיינע לייט די כהנים פון ירושלים, און צו אוסתן דעם ברודער

19. פון ענן און צו די איידעלע פון די יידן. קיין איינציגן בריוו (קיין ענטפער) האבן זיי אונז ניט געשיקט. (דעריבער) איז פון דעם חודש תמוז דעם פערצענטן יאָר פון קעניג דָרְיָוֶש

20. ביז היינטיגן טאָג, ווי מיר טראָגן זעק און פאסטן און אונזערע ווייבער זיינען געגליכן צו אלמנות און מיט קיין אייל זאלבן מיר זיך ניט

* דעם טיטל, לויט אונגנאד.

21. און קיין ווייַן טרינקען מיר ניט. אויך האבן מיר (?) פון דעמאָלט אָן ביז אויף דעם היינטיגן טאג, דעם זיבעצענטן יאָר פון דעם קעניג דָרְיָוֶש, ניט געבראכט קיין קרבן מנחות, קיין ווייראיך און קיין קרבן עולות

22. אין דעם דאָזיגן טעמפל. איצט ריידן דיינע קנעכט יְדַנְיָה מיט זיינע לייט און די יידן, אלע איינוואוינער פון יעב, אזוי:

23. אויב עס וועט געפינען חן אין דיינע אויגן, דערמאָן זיך אָן אויפצוריכטן צוריק דעם דאָזיגן טעמפל, ווייל מיר טאָרן ניט אויפריכטן צוריק דעם טעמפל, איז ווענד זיך (ווערטליך: זע אָן) צו די מקבלים

24. פון דיינע חסדים און דערבארמונגען דאָ אין מצרים. עס וואָלט געשיקט ווערן א בריוו צו זיי וועגן דעם טעמפל פון דעם גאָט יָהו

25. אין דער פעסטונג יעב אויף אויפצוריכטן אים צוריק, ווי ער איז געווען פריער. אין דיין נאָמען וועלן מיר (ווערטליך: זיי) ברייגגען קרבן מנחות ווייראיך און קרבן עולות

26. אויף דעם מזבח פון דעם גאָט יהו. און מיר וועלן בעטן פאר דיר צו יעדער צייט, מיר מיט אונזערע ווייבער און קינדער און די יידן

27. אלע, אויב מען וועט אזוי טאָן און אויפריכטן צוריק דעם טעמפל. און א מצוה (ווערטליך: א צדקות) וועסטו האבן פאר יָהו דעם גאָט

28. פון הימל, א גרעסערע ווי אמענטש, וואס ברייגגט אים א קרבן עולה און א קרבן פון שעכטן, וואס איז ווערט טויזנט שטיק זילבער. און וועגן גאָלד האבן מיר געשיקט

29. שלוחים מיט א ידיעה. אויך האבן מיר דאס אלצדינג אין אונזער נאָמען מודיע געווען אין אַן איינציגן בריוו דְלָיָה׳ן און שֶלֶמְיָה׳ן, די זין פון סַנְבַלַט, דעם האר פון שומרון

30. אויך (זיי ווייסן, אז פון) דאס אלץ, וואס מען האט אונז געטאָן, ווייס אַרְשַם ניט. דעם 20 מרחשון אין דעם זיבעצענטן יאָר פון קעניג דָרְיָוֶש*.

* 407 פאר קריסטוס.

מ. לוריא.






העניק בערלעווי · אַ שארזש · י· אָפּאטאָשו·

HENRYK BERLEWI. · CARICATURE. · J. OPATOSHU

# א סוד

דריי מאל האט פרעד ראָזען איבערגעלייִנט דעם בריוו· וואס זיין לערערין, מיס לארענס, האט אים געשריבן.

זי האט געגלויבט אין אים, זיך ארומגעטראגן מיט זיינע קורצע ערצעהלונגען, געהאט אפילו אפגעדרוקט איינע אין א פראווינציעלן וואכענבלאט. און יעדעס מאל, ווען ער האט זיך געזען מיט מיס לארענס, געהערט ווי זי רעדט, ווי זי ווארפט אן איין בילד נאכן צווייטן, פלעכט אריין שטיקער פון די קלאסיקער, טענה׳ט אז די לעהרביכער טעמפּען אפּ די קינדער און גיבן א געלעגענהייט יעדען קאליקע צו ווערן א לערער, מאכן דעם געגענשטאנד פאר א מלאכה, ווען אין אמת׳ן דארף א לערער זיין א קינסטלער, דארף שפּילן אויפן איידעלסטן אינסטרומענט — דעם קינד׳ס נשמה — ווען זי האט אזוי גערעדט, האט דער יונגער ראָזען, אַ בויגיק בחוריל מיט א געדיכטן קאפּ האר, געפילט ווי אלע קעמערלאך עפענען זיך ביי אים, קוואלן אָן.

די מרה־שחורה, וואס האט זיך געלעגט אויף זיינע ניינצען־יאריגע פלייצעס איז פארשוואונדן, דער פלאנטער פון ניט קלארע חלומות איז געווארן דורכזיכטיג און אלץ אין אים איז געוועזן זיכער, אז ער דארף נאר ווען, וועט זיך א וועלט צו אים צוהערן. און אין דעם ליכטיגן צימער מיט די ברייטע פענסטער, וואס האט אזוי הארמאנירט מיט מיס לארענסעס זוניגע האר, וואו ווערטער, צאפּלדיגע ווערטער האבן זיך

געקייקעלט, אנגעווארפן בילדער, צעשוואומען און איבערגעלאזט נאך זיך חלומות, — אין דעם צימער האט פארבענקט געקלונגען מיס לארענסעס שטימע.

אַן אויפגעלעגטער איז ראזען געגאנגען צו מיס לארענס, זיך יעדע וויילע א טאפּ געטאן ביי דער בוזעם־קעשענע, וואו זיין נאר וואס אנגעשריבענע ערצעהלונג איז געלעגן, געזעהן פאר זיך איר שמייכל און א דאנקבארקייט האט אים ארומגענומען. ער האט זי פארגעטערט, קיינמאל ניט געטראכט וועגן איר ווי א נײַנצען־יאריגער בחור טראכט פון א יונגער שיינער פרוי. ער איז געוועזן זיכער, אַז זי איז אנדערש פון אנדערע — זי איז מיס לארענס. און הינטער דעם אלעם האט געשוועבט, ווי אין א תהו־ובהו אן אפקלאנג פון א זינדיגער מחשבה, אָהן א פארם, אָהן א נאמען, זיך געקייקעלט דורך זייטיגע וועגעלעך, וואס האבן, דאכט זיך, קיין שייכות ניט געהאט מיט מיס לארענס. און אין דער זעלבער צייט האט ער פון ערשטן טאג אָן, וואס ער האט זיך מיט איר באקאנט, קיינמאל ניט געזעהן אין איר די פרוי. איז געווען א זוניגער טאג, פלעגט זי נעמען די שילער און ארויספאַרן מיט זיי הינטערן שטאדט, פארלעזן שטיקער פון שעקספיר אזוי, אז יעדער איז אריינגעצויגן געווארן, מיטגעשפילט. און אז דאס וועטער איז געווען שלעכט, האט זי זיך ארומגעזעצט מיט די מיידלעך און בחורים׳לעך, גענומען לייענען א בוך, ארומגערעדט זייטיגע זאכן, וואס האבן, דאכט זיך, קיין שייכות ניט געהאט מיטן ענין און ביי אלעמען האבן זיך די אויגן געעפנט, אליין גענומען זעהען, געהאט די פרייד פון שאפן, פון פאנאנדערוויקלען פלאָנטערס...

קיינער האט ניט געוואוסט, פארוואס מיס לארענס האט ניט חתונה, פארוואס זי האט ניט קיין באקאנטע, חבר׳ט זיך בלויז מיט די שילער, וואוינט איינע אליין. און, אז א שילערין האט דערצעהלט, ווי זי האט מיס לארענס געטראפן פאר דער הייליגער גאט׳ס־מאמע אויף די קניע א פארוויינטע, האבן אלע מיט רחמנות גענומען קוקן אויף דער נאך יונגער דאמע, וואס לאכט אזוי הארציג, אז אלע מוזן מיטלאכן און אין דעם געלעכטער איז דא אזא ליכטיגקייט, וואס מישט זיך אויס מיט אירע זוניגע, עטוואס צופאטעלטע האָר.

אין די אווענטען, ווען ס׳איז זעלטן פארבייגעגאנגען א מענש, האט זי ראזען באגעגענט אין פארק. זי איז ניט געגאנגען, דאכט זיך געלאפן איבער די פינסטערע אלעען איינע אליין. דער ראק צוקנעפעלט, די האר צושויבערט, געקוקט אין אלע זייטן, ווי זי וואלט עמיצן געזוכט, און אירע טריט האבן אויסגעקלאפט דעם אומרוה פון דער נאכט.

ראזענען איז איינגעפאלן, אז מיס לארענס מוז זעהר ליידען, מוז זיין אומגליקליך, אנדערש וואלט זי ניט געקאָנט אזוי לאכען, ניט געקאָנט מיטן בלויזן קלאנג פון איר שטימע אויסשפינען ארום זיך א לעגענדע.

אווענט נאך אווענט פלעגט ער זיך באהאלטן צווישן די בוימער און א פארציטערטער ווארטן זי זאל פארבייגעהן.

דעמאלט האט ער איר געוויזן זיין ערשטע ערצעהלונג. זי האט אים גערופן צו זיך, פארהאלטן זיך צו אים ווי צו אירס א גלייכן, לאנג גערעדט, אים אויפגעהויבן איבער זיך, געצייגט ווי מענשן קאָנען ניט שרייבן. און אז ראזען איז אוועקגעגאנגען האט ער געפילט, אז די וועלט איז שיין, ווי לאנג עס לעבן אזעלכע מענטשן ווי מיס לארענס. ער האט אנגעהויבן עפטער קומען צו איר. די באציהונגען זיינען געווארן מעהר חבר׳יש און אז ער האט זי איינמאל אפגעשטעלט אין פארק, האט זי אים געכאפט אונטערן ארעם, געגאנגען מיט אים ביז שפעט אין דער נאכט און ניט אויפגעהערט צו רעדן.

ראזען האט אנגעקלונגען. מיס לארענס האט אים ווארעם באגעגענט, ווי תמיד. זי איז געגאנגען אנגעטון אין ווייסן, אנגעיאגט א זומערדיגקייט... זי האט אים באקוועם אוועקגעזעצט און ער האט אנגעהויבן לייענען. זי האט געשטראלט, אים עטליכע מאל איבערגעריסן, אויסגעדריקט צופרידענהייט, ווי זי וואלט א שותף געווען צום אנגעשריבענעם. אז ער האט געענדיגט, האט זי אים לאנג געגלעט איבער די האר, גערעדט אזוי חבר׳יש און אין דעם רעדן זיינען געווען טראפענס פארדרוס, וואס ער, ראזען, דארף שוין ניט די עצות פון מיס לארענס. ער איז א שרייבער מיט גרויסע מעגליכקייטן, די וועלט איז פאר אים אָפען, קאָן אָהן א צווייטענס הילף שאפן וויפיל זיין הארץ גלוסט — און ער טוט עס. דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס ראזען האט זיך שלעכט געפילט מיט מיס לארענס. ער האט געבענקט נאכ׳ן זוניגן געלעכטער, געבענקט נאכ׳ן מענטש, צו וועלכן מ׳דארף ארויפקוקן. און דא האט ער געזעהן פאר זיך א פרוי, א שיינע פרוי, וואס טראגט אין זיך א סוד, פארוואנדעלט דעם סוד אין א קדשי־קדשים און איז מקריב פאר׳ן טויטען חלום איר געלעכטער, די זוניגע פלעכטען, דעם שיינעם קערפער. דער „רשע״, וואס אין מענש האט זיך אין ראָזענען געוועקט, אים אונטערגעזאגט, אז ער, ראזען, איז העכער פון מיס לאָרענס און שטארק געוואלט פארפירן א שמועס וועגן איר פערזענליכן לעבן. זי האט דאס באמערקט, אויסגעמיטן דעם געשפרעך און יעדעס מאל ווען ער האט אים ווידער אנגערירט, איז זי איבערגעגאנגען צו אנאנדער ענין. מיס לארענס האט אים ניט אויפגעהערט צו געלעטן, געווען אזוי ליבליך, ווי זי וואלט מורא געהאט אים אנצואווערן. און אז ער האט שפעט אין אווענט זיך אויפגעשטעלט, זיך גענומען געזעגענען, האט זי נאך אלץ גערעדט, געווען שטאלץ מיט איר יונגען פריינד, אים אפגעהאלטן ביי דער טיר, ניט ארויסגעלאזט זיין האנט פון אירער.

ראָזען איז געשטאנען ווי אין פיבער. די נאהנטקייט, די צושויבערטע האר, די ווערטער — אלץ האט אים געהילט אין צעפלאמטע נעצן. און אז ער האט זיך שוין געפונען הינטער דער טיר, האט ער דערפילט אז זי איז פאר אים איצט מעהר ווי די פריהערדיגע מיס לארענס. ער איז געשטאנען א וויילע, געטראכט וואוהין צו געהן, זיך איינגעקוקט אין דער שטילער נאכט און אויפגעכאפט פון דערווייטענס אן אפקלאנג פון א געוויין. ער האט זיך בעסער איינגעהערט. עס איז אים מיט אַמאָל איינגעפאלן, אז דאס שטילע געוויין טראגט זיך פון מיס לארענסעס צימערן. ער האט שוין אנגענומען די האנדטאַבע, געוואלט צוריק אריינגעהן, איז ווידער שטיל געווארן. דער מח האט ביי ראזענען פיבערהאפט געארבעט, געזעהן אויף מיילן, און דאס שטילע געוויין האט זיך געטראגן מיט מעהר פיין ווי פריהער. ער האט לייכט געעפנט די טיר. מיס לארענס א האלב נאקעטע איז געלעגן

פאר א גרויסן געקרייצטן יעזוס. די האר צושאטן, די אויגן ווי בא אַ נאכט־וואנדלערין.

דעם ייד אין ראזענען איז פרעמד געווען אזא קרבן, ניט געקאָנט צונויפבינדן די צוויי מיס לארענסעס. און אן איבערגעשראקענער א וויספער געטון איר נאמען. זי האט א ווארף געטון מיטן קאָפּ, ארויסגעלאזט א קוויטש, אין דרייען א געקאָרטשעטע זיך געגומען רוקן, ווי זי וואלט מורא געהאט פאר קלעפּ, געקוקט אויף ראזענען פון א ווינקל און זיך פונאנדערגעוויינט.

י. אָפּאַטאָשו.

# שרעק

מיט דעם לעשן זיך פון די שטערן, ווען דאס פינסטערניש ווערט געדיכטער, שפרייזט שוין שפאַן אין זיין האריגן „סוועטער" איבער דער הוילער וועראנדע, וואו יעדער טריט זיינער שלאגט זיך אפּ מיט א ווידערקול פון א צובראכענעם טאפּ. ער שפרייזט אזוי א לענגערע צייט אונטער דעם רויש פון ים. די האנט אין די הויזן־קעשענעס, דער קורצער קארק צווישן די אקסלען, אטעמט מיט פולע נאזלעכער. דערנאך קריכט ער אריבער דעם פארענטש, כאטש ער קען גיין מיט די טרעפּלעך, און דורך פארוואקסענע פעלדער לאזט ער זיך צום ים. זיין שטענדיגער בעגלייטער איז אן אלטער הונט, וואס ליידט פון אַסטמאַ, בילט שוין ניט מער, נאר כארכעלט מיטן בויך. דעם פארטאגיגן שפּאציר מאכט שוין שפאַן פאר די לעצטע פופצען יאר. סיי זומער, סיי ווינטער, אין רעגן און אין שנעע, שלעפּט זיך שפאַן איבער די פעלדער, געהט מיטן ברעג, ווען מען זעהט דארט ניט קיין לעבעדיגן נפש. אין אז פון די ארומיגע הייזער נעמען זיך באווייזן פנים׳ער, איילט שפאַן צו זיך אין שטיבל אריין, וואו איבערן זומער וואוינען ביי אים זיינע אמאליגע באקאנטע און מיטן הערבסט בלייבט ער איינער אליין.

ער האט מורא פאר מענטשן, מיידט אויס נייע באקאנטע און אז ער באגעגנט אמאל אויף זיינע פארטאגיגע שפאצירען עטליכע פישערס, אדער א פאַרטיע שאסעע־ארבייטער, הויבט ער אן צו ציטערן, בלייבט שטעהן, ווי הענט און פיס וואלטן ביי אים אפּגענומען געווארן. זיין בעסטער פארגעניגען איז צו שפאצירן פארטאג, ווען קיין מענטשיש אויג קוקט אים נישט נאך און שפּעט ביי נאכט, זעהר שפּעט, ווען מען קען נישט אונטערשיידן איין פּרצוף פון צווייטן.

זומער ליידט ער זעהר, ליידט, וואס ער מוז אנקומען צו די באקאנטע, וואס וואוינען ביי אים, מוז אויסהערן זייערע טענות. אלע דערגעהען אים די יארן, קלאגן אין זיין געגענווארט, וואס פון אים, פון שפּאַנען, איז געווארן. דעם גרויסן סטרייק האט ער, שפּאן, געוואונען און עס איז גענוג געווען צו האבן זיין נאמען, אן אונטערנעמונג זאל נישט האבן קיין דורכפאל. און מיט אמאָל האט זיך עפּעס א דרעה געטון ביי דעם מענטשן אין קאָפּ, צו א קעמערל איז פארשטאפּט געווארן, און ער האט אנגעהויבן אויסצומיידען באקאנטע, נישט געכאפּט וואס מען רעדט צו אים. דעם פזמון האבן די „בארדערס" עטליכע מאל א טאג איבערגעחזרט אין שפּאן׳ס געגענווארט, און יעדעס מאל, ווען איינער האט געענדיגט, האט ער צוגעלעגט א פינגער צום שטערן, געשוויגן א ווײלע, וואס עס האט געהייסן — ביים בחור האט זיך א שרייפל איבערגעדרעהט און פון אלע האפנונגען האט זיך גארניט אויסגעלאזט.

מיטן קוק פלעגט שפּאן כאפּן, אז מען רעדט וועגן אים, זיך געמאכט נאך תם׳עוואטער, געליטן, געוואלט דער זומער זאל זיין פארביי, געבענקט נאכן ווינטער, ווען ער געפינט זיך איינער אליין אין גאנצן הויז, דארף קיין מענטשען ניט זעהן. ערגיץ טיף קייקעלט זיך ביי אים א שמייכל, בלייבט שטעקן אין בויך, שפּיגלט זיך ניט אפּ אויפן טעמפּן פּנים, בלויז די ווינקלעך פון די פארקוועטשטע ליפּן קרומען זיך מיט שפּאט, וואס מאן באדויערט אים, דערצעהלן, אז ער איז געבליבן דער זעלבער שפאַן, אז דאס פייער ביי אים איז נישט אויסגעלאשן געווארן, עס האט זיך נאך מעהר צופלאקערט.

ער האט נאר פיינד געקראגן דעם מענש און די פיינדשאפט איז אין די פופצען יאר פארוואנדעלט געווארן אין א שנאה, וואס האלט אים אויף, גיט אים כח און אינהאלט.

מיט פופצען יאר צוריק, אין דעם גרויסן קוילן־סטרייק האט ער אין מיטן פעלד גערעדט פאר טויזנטער קוילן־גרעבער. אהיים פארענדיג האט מען זיין אויטאָמאביל אפּגעשטעלט, אים אוועקגעפירט אין א וועלדל און אנגעהויבן שלאגן. ער האט ארייגעכאפּט דעם קאָפּ צווישן די אקסלען, צעשפּרייט די הענט, ווי צו ווערן זיך און גענומען שרייען. שפאַן האט געזעהן דעם טויט פאר די אויגן, פון שרעק אזוי צוטומעלט געווארן, אז דאס געשריי איז ביי אים געבליבן אין גרגרת ווי א ביין, געשפּארט די אויגן פון קאָפּ. די קלעפּ זיינען געווען אַזוי גיך, אז זיי האבן אויפגעהערט וועה צו טון, אים אויסגעניכטערט. ער האט געזעהן איבער זיך צופלאמטע פּנים׳ער, וואס האבן זיך געדרעהט, געשלאגן אין פּנים אריין, אין די אויערן, אין קאָפּ. שפּעטער האבן זיי פארווארפן א שטריק ארום זיין האלז, אים גענומען שלעפּן צו א בוים, געוואלט אויפהענגען. א צווייג האט זיך איבערגעבראכן און ער איז ארונטערגעפאלן. די שלעגערס האבן אים געלאזט ליגן און זיינען אוועק. דאס האט אזוי געווירקט

אויף שפּאַנען, אז ער האט א לאנגערע צייט נישט געקענט פארטראגן קיין טריט, אנגעהויבן ציטערן, זיךווארפן, געמיינט, אז מאן וועט אים באלד איבערפאלן און איבער דער חוט־השדרה האבן זיך געבלעזלט קאלטע טראפּענס. די טראפּענס האבן אנגעהויבן גליהען, עקספּלאדירט און אַזאַ שרעק האט אים ארומגענומען, אז ער האט קיין כח נישט געהאט צו אנטלויפן, געבליבן שטעהן און געווארט מען זאל אים באפאלן.

ער איז צוריקגעקומען נאך ניו־יארק, אויפגעהערט זיך צו ווייזן צווישן באקאנטע. שפּעטער, אז מען האט אים אויסגעפונען, גענומען אויף א פארהער און גארניט געקענט ארויסקריגן, האט מען באשלאסן, אז דער בחור האט געקראגן א ריץ אין קאָפּ. מען האט אים געקויפט ביים ים א הייזל, געהאפט, אז ווייט פון טומעל וועט ער אפשר צו זיך קומען. אין די זומער חדשים זיינען באַקאַנטע, וואס האבן צוזאמען מיט אים געארבעט, צו אים ארויסגעפארן. קיין זאך האט נישט געהאלפן. ער האט אויסגעמיטן אפילו באקאנטע. זומער פלעגט ער גאנצע טעג ארבייטן ביי זיך אין גארטן, וואס האט זוך געפונען הינטערן הייזל, געקליבן שטיינער און געמאכט א פלויט, זיך אויסגעטענהט מיטן הונט, ניט געענטפערט אויף באגריסונגען און זיך געערגערט.

בלויז פארטאג, ווען ער האט אין דער פינסטער געשפּרייזט מיטן הונט איבערן ברעג פון ים, האט ער זיך בארוהיגט, געפילט ווי ער גלייכט זיך אויס, וואקסט און אין זיין פאַרזשאווערטן מח בליצט אויף א ליכטיגקייט, וואס ער האט ערגיץ וואו אנגעווארן. שטיקער ליכט האבן זיך געקייקעלט איבער די פינסטערע כוואליעס און וואס נעהנטער זיי האבן זיך גערוקט, אלץ זוניגער איז אים געווארן אין די אויגן, דער מח, אַזאַ לופטיגער, האט געבליצט און ער האט געזעהן ווי טויזנטער קעפּ וויגען זיך, כוואליען הין און צוריק, בויגן זיך, פאלן צו זיינע פיס און ער, אַזאַ מעכטיגער, שטעהט איבער זיי, רייסט פון זיך ארויס דאס שווייגן מיט די ווארצלען, דריוועלט עס, שליידערט צאפּעלדיגע, אויסגעוועהטיגטע ווערטער, און דער המון שרייט, רעוועט, טראָגט זיך מיט די כוואַליעס . . .

י. אָפּאַטאַשו.

# אין א פּראַכט־צוג

פארנאכט האט זיך דער פּראַכט־צוג אפּגעשטעלט. טשארלי, אן אפּגעבערענטער, א ביינינגער, מיט א לאנגען אויסגעבויגענעם האלז, ווי בא אן אלטן גאנער, האט צועפּנט די זעק מיט פּיטער. יארן שוין האט ער געפירט וואגאנען מיט היהנער פון דער סאַוט נאך ניו־יארק. די עופות האבן דערפילט, אז ס'איז די צייט פון עסען, דורכגעשטעקט צווישן די ברעטלעך פון די הילצערנע שטייגן זייערע לאנגע העלזער, זייערע קעפּלעך, געשריען, צושפּרייט די פליגעל און אין וואגאן, וואו דריי טויזענט פּאר פליגעל האבן געקלאפּט, איז געווארן אַזאַ ווינד, אז דאס עסען וואס מען האט זיי געשיט מיט א שופלע, איז צופלויגן. דער וואגאן, די שטייגן, אלץ האט זיך פארלוירן אין שטויב, ווי מחנות גענז וואלטן אנגעקומען איבער א זאמדיגן וועג.

אַ קאָנדוקטער האט אויפגעמאכט די טיר אין איז אריין אין וואגאן:

— מיר וועלן דא שטיין א קנאפּע שעה. אויב דו ווילסט, קום אריבער וועלן מיר צוזאמען עסען אווענט־ברויט.

טשארלי האט נישט געענטפערט. ער האט א קוק געטון אויף דער וואנט, וואו ער האט פארשריבן מיט קרייד די צאל היהנער, וואס זיינען יעדן טאג געפאלן. בא א גוטן פּיטערער האבן דורכשניטליך מעהר ווי צעהן אופות אַ טאג נישט געטארט פאלן. ער האט איבערגעציילט זעקס פּאסעקלעך, א צופרידענער ארויפגעצויגן די „אוועראלס" און געטראכט, אז צוויי עופות קען מען זיי געבן. ער האט אויסגעזוכט צוויי היהנער מיט בלאסע קעמלעך, געוועזן זיכער אז זיי וועלן בא נאכט סיי־ווי־סיי אויסציהען די לאַפּקעס, אויפגעקליבן אין די שטייגן איבער צוויי טוץ נאך ווארימע אייער און עס געגעבן דעם קאנדוקטער:

— גענוג? —

— גענוג, גענוג — האט דער קאנדוקטער אריינגעלעגט די אייער אין היטל — מיר האבן נאך פלייש פון דער פריה אויך!

טשארלי האט אראפּגעשלעפּט די „אוועראלס", אפּגעוואשן די הענט, זיך איינגעשמירט דעם קאפּ מיט א שמעקעדיגע פּאמאדע, און זיינע שווארצע האר האבן געגלאנצט ווי דער קאפּ ביי א מארזש, ווען ער שטעקט אים ארויס פון וואסער אנטקעגען דער זון. אז טשארלי איז אריינגעקומען אין וואגאן, וואס נאכן לאקאמאטיוו, האט זיך שוין געהערט דער ריח פון געבראטענע היהנער. אלע וואס זיינען געפארן מיט'ן פּראַכטצוג, וועלכער איז באַשטאַנען פון איבער הונדערט וואגאָנען, זיינען דא געווען פאַרזאמעלט. צוויי מאַשיניסטן, צוויי קאנדוקטאָרן, אַ הייצער — א נעגער אויף וועמען די סאַזשע איז גארנישט געווען קענטיג, א דאר מענטשיל — א געוועזענער דזשאקי, וואס האט געפירט אַ וואגאן פערד, א קורצער געשטופּעלטער חזרים־טרייבער, וואס איז געפארן מיט'ן ווייב א נאך קורצערע, מיט א מאנסבילש פּנים, און ווען נישט דער פארענט, וואס איז בא איר געווען אזוי צעוואקסן,

אַז מען האט געקענט אויף אים גרייטן צום טיש, וואלט מען זי געקענט אננעמען פאר אן איבערגעטוענעם מאַן.

די מענער זיינען געזעסן ארום א פיער־עקיגען טיש, געטרונקען צו גלעזליך בראנפען, פארביסן מיט ווייסן קעז, מיט הארטע אייער און אונגעדולדיג געווארט אויף די געבראטענע היהנער. זיי האבן כמעט ווי געשוויגן, געזעסן מיט פארשלאפענע אויגן, געקוקט אויף׳ן חזרים־טרייבער׳ס ווייב, וואס איז געשטאנען איבער׳ן פייער און פויל זיך באוואויגן.

— ס׳איז שוין באלד גאר נישט געבליבן, טשארלי — האט א מאשיניסט אים אנגעגאסן אין א גלאז בראנפען — נאַ, נעץ איין ס׳פייפל!

טשארלי האט אויסגעטרונקען, זיך אפגעגאסן מיט טרערען, פארביסן מיט אַן איי און גארנישט געענטפערט.

די מענער האבן זיך געדרעהט ארום דעם חזרים־טרייבער׳ס ווייב, ווי ארום א שיינקייט, איר געהאלטן אין איין מאכן קאמפלימענטן, זי באדינט און ס׳האט אויסגעזעהן, אז בא מענשן, וואס זיינען שוין וואכן געוועזן פון דער היים, זיך געשלעפט אונטער־וועגן׳ס, איז קיין שיינערע ווי דעם חזרים־טרייבער׳ס ווייב נישט געוועזן.

זי האט צעשפרייט איבער׳ן טיש א צייטונג, צושטעלט טעלערס און פארבייגייענדיג זיך צוגעבויגן צו טשארלי׳ס קאפ:

אה, שמעקט — און צוגעטראגן ס׳פלייש צום טיש — כ׳זאג שטענדיג, אז טשארלי איז א ספארט!

דער עולם האט נישט געענטפערט, זיך גענומען רוקן מיט די בענקליך ארום טיש, כלומרש זיך געריסן צום פלייש, און ווער עס איז געוועזן פלינקער האט פארנומען דעם פלאץ ארום דעם חזרים־טרייבער׳ס ווייב. איידער מען האט זיך ארומגעקוקט זיינען די היהנער נישט געווארן.

דער חזרים־טרייבער האט זיך געגרויסט פאר די איבריגע מיט׳ן ווייב, זי געגלעט, געהאלטן אין איין טרינקען, און אז די אויגן זיינען בא אים געווארן פארלאָפן מיט בלוט, האט ער אנגעשפארט די הענט אן טיש, דעם קאפ אן די הענט און זיך געלאזט הערען. דער נעגער מיט א קאנדוקטער האבן אים אויפגעשטעלט און גענומען פיהרן אין וואגאן אריין צו די חזרים. ער האט געזידעלט, געשאלטן, גערופן ס׳ווייב. די איבריגע זיינען געווארן אָנגעצויגן, יעדער האט געגעבן אנצוהערן דעם צווייטן, אז באלד הויבט דער צוג אן צו גיין, אז דא אין וואגאן אוז שוין נישטא וואס צו טון, אז, אז — ביז אלע זיינען געבליבן אין וואגאן.

באם ערשטן סיגנאל האט דעם חזרים־טרייבער׳ס ווייב אנגעכאפט טשארלי׳ן פאר א האנט:

— קום! ווילסט דען דא בלייבן?

— נאָ!

— טא קום, גיכער!

זי איז כמעט מיט אים געלאפן, געפרייכט און זיך געבעטן:

— זעץ מיך אריין אין וואגאָן!

— אל־רייט!

— קום אויך אריין. וואס וועסט׳ן איינער אליין טון בא די היהנער? ס׳איז אומעטיג, מיין מאן שלאפט.

ער איז מיט איר אריין. פון מאנ׳ס געלעגער האט זיך געטראגן א כריוקען און ס׳איז שווער געוועזן צו זאגען פון וואנען ס׳קומט, צי פון אים, צו פון די חזרים. טשארלי האט זיך געדרעהט איבער׳ן וואגאן, נישט געוואוסט וואס ער האט צו טון, זיך יעדע ווייל אומגעקוקט, ווי פון מאנ׳ס געלעגער וואלטען אים א פאר אויגען נאכגעקוקט.

דער צוג האט זיך א טרייסל געטון, גענומען זיך פאמעליך רוקען. טשארלי איז ארויסגעשפרונגן.

— וואו געהסט׳ו?

— כ׳מוז אריינגיין צו די היהנער!

— בלייב דא!

— כ׳קען נישט!

— בלייב, זאג איך דיר!

— שלאפ׳ן לאזט זי נישט! לאז שלאפן. דו — — — האט דער מאן זיך איבערגעווארפן — מיט וועמן רעדסטו?

— מיט קיינעם!

— האסט נאר וואס גערעדט מיט עמיצן!

— האב איך!

ס׳איז געווארן שטיל. טשארלי איז געשטאנען אין דער טיר, געקוקט אויף די באוואקסענע פעלדער, געקוקט ווי די זון זעצט זיך און ס׳איז אים געווארן אומעטיג. ער האט זיך אויסגעצויגן אויף די זעק מיט פיטער, פארמאכט די אויגן, געוואלט איינשלאפן, איז אים, ווי אויף צו להכעיס, נארישקייטן געקראכן אין קאפ אריין. אים האט עפיס באנג געטון. ער האט לאנג געקוקט פאר זיך, געזעהן ווי די וואנט פון וואגאן רוקט זיך פונאנדער, געזעהן ווי דער חזרים־טרייבער שלאפט מיט דעם ווייב און קעגענאיבער האט זיך א האָהן צוקרעהט, צו׳ם ערשט הויך, דערנאך העכער זיך פארגאנגן, האט טשארלי מער נישט געקענט איינליגן. ער האט זיך איבערגעצויגן, זיך צוריק אריינגעשטעלט אין דער צועפענטער טיר און זיך איינגעהערט. ס׳איז געוועזן שטיל. ס׳האט זיך בלויז געהערט דער אפקלאנג פון די רעדער אָן די רעלסן און ארום ווי ווייט ס׳אויג האט געקאנט כאפן, האבן גאלד־פליגעליך זיך געצונדען און געלאשן.

פון חזרים־וואגאן האט דער דארער, קליינער דזשאקי ארויסגעשטעקט דעם קאפ, זיך ארומגעקוקט צו מען זעהט נישט, זיך ארויפגעכאפט אויף׳ן וואגאן און ווי א מאלפע גענומען שפרינגען איבער די דעכער.

טשארלי האט אפגעזיפצט, פון פערדרוס אויסגעשפיגן, צוגעהאקט די טיר און צוריק פארקראכן אויף די זעק.

י. אָפּאַטאָשו.



פונ׳ם האנטשריפט תנ״ך רייכלין I, קארלסרוהע, רייכלינ׳ס ביבליאָטעק.
FROM THE BIBLE CODEX REUCHLIN I, KARLSRUHE, REUCHLIN LIBRARY.

# רעגנבויגן

## „שַחְרַה״

ווען די „צייט״ פון שַחרה׳ן איז געקומען . . . איז זי געוואָרן אומרוהיג, אויפגעהערט צו עסן און ווייבערש־ביינקענד צום דרויסן געמוקעט דורך דעם אָפענעם פענסטער אַרויס אַהין אין יענער זייט, אין צווייטן זייט פון הויף.

דאָרט אין „יענער־זייט״, אין אַבעזונדער שטאַל, זיינען דריי גרויסע פאַראָדיסטע ביקען געשטאַנען, און יעדעס מאָל ווען דאָס מוקען פון שַחרה׳ן האָט זיך צו זיי דערטראָגן, האָבן זיי מפסיק געווען דאס עסן, אויסגעדרייט די קעפּ אַהין צו יענער זייט, און געענטפערט מיט דריי שטאַרקע מענער שטימען. יעדער זיין שטים מיט זיין אַרט פאַרענדיגן. יעדער איינער געפלייסט דעם צווייטן איבער־צושטייגן, פול מיט תאוה און האָפנונג . . .

צוזאַמען מיט דעם מוקען האָט זיך צו זיי פון דאָרט דערטראָגן אַ רֵחַ אַ זויערער, אַ האַרבער, וועלכער איז פאַר די דריי מענער מאָדנע אַנגענעם געווען, פון וואָס זיי האָבן פארזשמורעט די אויגן, געסמאָרעט מיט די נעז, פאַררייסענדיג די קעפּ און זוכן עפּעס מיט דער אויבערשטער ליפּ ווי פון אַ שטאַרקן שמעק טאַבאַק . . .

און באַלד זיינען זיי די אויגן געוואָרן איבערגעקערט און מאָדנע רעדער: רויט און בלוי, געל און גרין און ווידער רויט האבן זיי פאַר די אויגן געשווינדלט, פון וואָס עס האָט זיי באַדעקט אַ קאַלטער שווייס, און אין גאַנצן פערגעסן פון דעם עסן . . .

ווען מ׳האָט זיי אפּגעבונדן צום טרינקען, האָבן זיי גלייך באַ דער טיר גענומען זיך שלאָגן. געשלאָגן האָט מען זיך לאַנג און בלוטיג. מתכּוין געווען וואָס שטאַרקער דער קלאַפּ זאָל זיין, און אין אַ וואָס מער געפערליכן פלאַץ צו טרעפן. מ׳האָט זיך איבערגעקערט און אויפגעשטאַנען און ווידער איבערגעקערט און אויסגעשלעפּט דעם גאַנצן הויף. אין דער לופט איז אַ שטויב געשטאַנען ביז׳ן הימל, און אַ רעווערײ ווי פון צען טויזנד געקוילעטע אָקסן האָט זיך אין דער לופט געטראָגן . . .

נאָר ווייל קיינער איז נישט אזוי גרויס און שטאַרק געווען ווי „באָמבע״ און קיינער האָט נישט געהאַט אַזאַ שענעם ווייס־און־שוואַרץ קאָליר ווי „באָמבע״, איז דער נצחון אריבער אויף זיין זייט . . .

מ׳האָט שוין די טירן געעפנט און בהמות צוריק אויף זייערע ערטער געבונדן, זיינען „זיי״, „די פּאָר״, נאָך איבערן הויף אַרום געשפּאַצירט זייט אין זייט, פוס אין פוס. „זי״, די צוויי־יאָריגע טעלעצע ווייס־און־רויט קאָליר, האָט קעגן „אים״ מאָדנע קליין אויסגעזעהן און האָט זיך שטאַרק און שטאָלץ געפילט פון זיין גרויסקייט . . .

און צוזאמען אויסציהענדיג די קעפ אין דער וויטנס האָט „זי“ פון ערגעץ אַמאָדנעם געפיל פאַר־נומען, מאָדנע ניי און אַנגענעם, פון וועלכן זי האָט נאָך ביז יעצט קיין אַהנונג געהאַט...

עס האָבן איר געשווינדלט פאַר די אויגן רעדער רויטע־בלויע, געלע־גרינע, ווייס־שוואַרץ און ווייס־רויט מיט גליק און ליבע און איבערגעבנהייט צו איר ערשטע קינד, מיט וועלכן זי איז נאָר וואָס אין טראָגן פאַרגאַנגען...

## ווייס און רויט

אַ נאַכט געוואַכט און מיט אַוואַרים האַרץ אין דער שטילער נאַכט איינגעהערט.

ווי פון אַ טיפן ים האָב איך פון דער נאַכט אַרויס ווייסע פעריל געשעפּט. קינדער־קריאַת־שמע און גוטע־נאַכט־קושן געשעפּט און אויף זיידן שנירל געצויגן...

רויטע קאַרעלן, מענער תאוה און פרויען־לוסט, זיס, האַרב און בלוטיג־שוימיג מיט אַ סוד פון נייע לעבנס אויף פורפור אָנגעשטאָכן.

נעבן מיין רעכטער האַנט איז מיין קינדס בעטל געשטאנען און האָט פון שלאָף, ווי מיין אייגן פולס צו מיר, מיט צאַרטע ליבע געעטעמט און אַרום מיר, מיט ווייסע ליבע און ווייסע גליק אַרום געהויכט...

אין דער לינקער האַנט איז מיין ווייבס בעט געשטאַנען און ווי איין איינגעשלאפענער ים נאָכן שטורם האָט זי צו מיר, מיט איר פולער ברוסט מיט איבערגעבענהייט געעטעמט, פול מיט גליהענדע ליבע און איינגעשלאָפענע לוסט, און ארום מיר, מיט גליהענדע ליבע און רויטע גליק אַרום געוועבט...

פלוצים האָט פון דער נאַכט אַרויס – וואָס האָט פון עק ביז עק, פון איר אנהויב ביז איר אויסלאָז, מיט לוסט און ליבע געעטעמט – אמחנה נאַכט־שמעטערלינגן דורך דעם אָפענעם פענסטער צו מיר אין צימער זיך אַריינגעריסן. גרין און בלוי, רויט און ווייס – און רעגנבויגן. און צו זאַמען מיט מיין קינדס ליבע און ווייבס איבערגעבנהייט, ווי אַ רעגנבויגן, – גרין, בלוי, רויט און ווייס מיט ווייסע פרייד און רויטע גליק דעם צימער אָנגעפילט.

האָט זיך מיר פאַרוואָלט פון דער פאַרשכור'טער נאַכט, פון דעם שטילן גליק און גליהענדן לוסט, אין טאָג אַריין, פאַר קינד און פאַר דורות אַ גרוס ברייגנען און האָב נאָר צוויי פון די וואונדער פאַרביגע שמעטערלינגן געכאַפּט און צו זיך אין בוך צווישן די בלעטער, ביז אין טאָג געלייגט. –

נאָר ווען איך האָב מיט'ן טאָג די טייערע מתנה פון צאַרטע ליבע און גליהענדע לוסט דעם קינד דערלאַנגט – האָט זיך דאָס קינד צעוויינט:

– זיי זיינען דאָך טויט!...

האָט מיין ווייב די ווייסע הענט פאַרבראָכן:

– רוצח, האָסט דאָך זיי געהרג'עט!...

האָב איך נאָך אַמאָל אַבליק געגעבן אויף מיין גרוס פון ליבע און לוסט – און האָב זיי ערשט דערזעהן טויט און צוזאַמען מיט קינד און ווייב די הענט פאַרבראָכן און זיך צעוויינט...

משה סטאווסקי.

# קונסט און ליטעראַטור כראָניק

**קינדערשטימע, Voice of the Children**. אַ זאַמלונג פון דערצעהלונגען, געשריבן, געדרוקט און אילוסטרירט פון די שולקינדער אין דער „מאָדערנער שולע“ פון סטעלטאָן, ניו־זשערסיי, נומער 4, סעפטעמבער 1922 (אין ענגלישער שפּראַך). — די דאָזיגע צייטשריפט איז אַ אינטערעסאַנטער פּרוב אויף׳ן געביט פון ערציהונג. אין אַ נאָכוואָרט פונ׳ם לעהרער פויל סקאָט ווערט באַשריבן, ווי אזוי ס׳געהט צו דאָס לערנען אין דער דאָזיגער שולע. אייגנטליך לערנט מען דאָרט גאָר ניט אין יענער שולע, אויב מיר זאָלן פאַרשטעהן דעם ענין לערנען, אַזוי ווי מיר זיינען צו דעם געוואוינט פון אונזער שולצייט. קיין גראַמאַטיקע ווערט דאָרט איבערהויפּט ניט געלערנט. די קינדער, פון פאַרשיידענער עלטער, — אַלזאָ לחלוטין גענען אונזער געוועהנליכער גרופּירונג אין די שולן, — אַרבייטן אַלע אינאיינעם אין א דרוקעריי, וועלכע איז ספּעציעל פאַר דעם איינגעאָרדנעט. זיי לערנען זיך אויס שרייבן, — שוין אין עלטער פון 7 יאָר און אפילו נאָך פריער געוועהנט מען זיי אויפצושרייבן די איבערלעבונגען זייערע, אָדער אפילו נאָר וואָס זייער פאַנטאַזיע קלערט צו, — זעצן און דרוקן. ווער ס׳האָט חשק, אילוסטרירט אויך זיינע מעשה׳לעך מיט האָלצשניטן, וועלכע ער האָט אַליין געמאַכט. די פעהלער ווערען ניט פאַרבעסערט, סיידן דער תלמיד ווענדט זיך אַליין צום לעהרער נאָך אַ עצה. איידערמ נעהמט זיך צונויפשטעלן אַ נומער, פאַרזאַמלען זיך אַלע קינדער און באַראָטן צווישן זיך וועגן פאָרמאַט, דער פאַרב פונ׳ם פּאַפּיר, די צאָל פון די זייטען, ווען זאָל די נומער ערשיינען, וויפיל עקזעמפּלאַרע און א. וו. יעדער פון די קינדער באַקומט אַ קאָרעקטור פון זיין אַרבעט, און אַליין פאַרריכט ער ווי אזוי ער פאַרשטעהט. דער לעהרער נעמט ערשט ארומרעדן דאָס העפט, ווען ס׳איז שוין אַרויס פון דרוק און דאַן ווייזט ער אָן אויך אויף די פעלער.

אין דער צייטשריפט מערקט זיך אַן אומגעוועהנליכער ענטוזיאַזם פון די קינדער, וועלכע מאַכן זי. אויב אַפילו די ביי‍טרעגע זיינען ניט העכער ווי מ׳קאָן ערוואַרטן פון קינדער אין אַזאַ עלטער, דאַרף מען דאָך באַגריסן אַזאַ מוטיגן דרך אין דער ערציהונג, וואו די קינדער געוועהנען זיך אָפּצוגעבן זיך מיט אַ באַשעפטיגונג פון וועלכער זיי פאַרשטעהן דעם זין און דעם ציעל, אַנשטאַט זיי צו מאַטערן מיט׳ן אויסלערנען גראַמאַטישע כללים, וועלכע זיי ערלערנען דאָ לחלוטין אָן מיה.

פון די נעמען פון די קינדערשע מחברים קאָן מען זעהן, אַז דאָס זיינען צומייסטן קינדער פון יידישע עמיגראַנטן. זיי הייסן: פרומקין, גאָלדבלאַט און אזוי ווייטער. אין זשורנאַל־אַליין ווערט געזאָגט, אַז די שפּראַך פון די קינדער אין דער היים איז ני ט ענגליש.

**שאַגאַלס נאָטיצן** פון זיין אייגענעם לעבן, ערשיינען בקרוב אין דייטשער שפּראַך בא פויל קאַסירער אין בערלין. אין דעם זעלבן פאַרלאַג ערשיינט אויך זיינע אַ בילדער־מאַפּע.

**מרים מאַרגאָלין, מאַיסעלאַך פאַר קליינע קינדערלאַך**, אילוסטרירט פון י. ר יבאַ ק, פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר פאָלקסאויפקלערונג 1922 געדרוקט אין בערלין. דאָס ביכל ענטהאַלט אַ זאַמלונג פון לעזע־שטאָף פאַר קינדער מיט גאַנצזייטיגע שוואַרץ־ווייסע אילוסטראַציעס. צווישן די בכיוון׳דיגע און אַביסל אַפילו איבערטריבן פּרימיטיווע מאָלעכצן פון מענשן, הייזער, טישן א. ד. גל. צייכנען זיך אויס די צייכנונגען פון אַ קאַץ, אַ פויגל, אַ האָן, וועלכע זיינען קונסטגעווערבליך סטיליזירט אַזוי ווי נאָר גרויסע קאָנען עס. חוץ דעם ווירקט דאָס קינדערביכל זעהר אָנגענעהם.

**Thesaurus Typographiae Hebraicae Saeculi XV.**
**זאַמלונג פון העברעאישע דרוקן** פונ׳ם 15־טן יאָרהונדערט, אַרויסגעגעבן פון פּראָפעסאָר דר. א. פ ר יימאַן, אין פאַרלאַג פון מאַרקס עט קאָמפּ. בערלין. אין דעם דאָזיגן גרויס־פאַרטראַכטן בוך, וועלכער ערשיינט העפטן־ווייז, וויל דער מחבר אונז ווייזן פּראָבעס פון די ערשטע געדרוקטע ספרים אויף העברעאיש. אַזעלכע ספרים געפינען זיך היינט בא אַ 120 און זיי זיינען צעוואָרפן איבער פאַרשיידענע ביבליאָטעקן אין פאַרשיידענע לענדער, און נאָר צום טייל זיינען זיי פאַרעפענטליכט געוואָרן. אין דעם בוך האָט מען בדעה אונז מיט זיי אַלע צו באַקענען דורך דעם אָפּדרוקן פון יעדן פּראָבע־זייטן, אילוסטראַציעס, אָרנאַמענטן וכדומה. אויף אַזאַ אופן וועלן מיר קאָנען באַקומען אַ אַלגעמיין בילד פון דער אַלטער העברעאישער טיפּאָגראַפישער קונסט.

**פ. סאַררע, איסלאַמישע בוך־איינבונדען**, פאַרלאַג סקאַראַבעאוס, בערלין 1923. דאָס איז דער ערשטער באַנד פון אַ סעריע „בוך־קונסט פונ׳ם מזרח“. ערשט גאָר ניט לאַנג האָט מען אָנגעהויבן אויפמערקזאַם ווער׳ן אויף דער מיניאַטורמאָלעריי, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין מעסאָפּאָטאַמיע, פּערזיע, און אינדיע אין דער צייט פון דער איסלאַם־הערשאַפט. דערביי האָט מען אויף דעם איסלאַמישן איינבונד גאָר קיין אַכט געלעגט, אָדער נאָר אויבערפלעכליך באַהאַנדעלט. די דאָזיגע פּראַכט־אויסגאַבע ענטהאַלט 36 טאָוולען, וועלכע ווייזן אונז די איינבונדן פונ׳ם 9־טן יאָרהונדערט אָן.

**בער באָלעכאָווער**. זכרונות פון אַ פּוילישן ייד פון די יאָרן 1723—1805 אַרויסגעגעבן מיט אריינפיר און דערקלערונגען פון דר. מ. ווישניצער באַם כללפאַרלאַג אין בערלין. אין דעם דאָזיגן ביכל געפינען מיר ווערטפולן מאַטעריאַל וועגן דער קליידונג און צירונג פון די יידישע פרויען, אויך וועגן דער הויכער אנטוויקלונג פון דער יידישער גאָלדשמידעריי אין לעמבערג אין יענע צייטן.

אונטערן טיטעל **„באָז׳אַר“ (Beaux-Arts)** ערשיינט אַ נייער פראַנצעזישער קונסט־זשורנאַל, אַרויסגעגעבן פון טעאָדאָר רייגאַך און אַנדערע. דער זשורנאַל איז געווידמעט מוזעאום - פראַגן, דענקמאָלער־שוץ, פּעדאַגאָגישע פראַגן, א. א. וו.

**אַ נייע הגדה**. די צייכנערין פראַנציסקאַ באַרוך האָט אָנגעשריבן מיט דער האַנט אַ הגדה של פסח. דאָס איז זיכער דער ערשטער פאַל, ווען אַ רעליגיעזער ספר ווערט געשריבן דורך אַ אשה. די אילוסטראַציעס האָט געגעבן יעקב שטיינהאַרדט. דאָס אויסשטעלן דעם טעקסט, דאס כתב, דער האָלצשניט־סטיל פון די בילדער — אַלעס איז אין גייסט פון טראַדיציע אויסגעפירט. די שטימונג, מיט וועלכע עס עטעמען די אילוסטראַציעס, איז אַ נייע. עס שטעקט אין איר אַ שווערער· ערנסט און וועט באַם לעזער געוויס ניט אַרויסרופן יענע פרעהליכע זאָרגלאָזיגקייט, וועלכע ער געדענקט פון דער קינדהייט אין די סדר־נעכט. פון אלע פּרובן, וואָס זיינען אין די לעצטע יאָרן געמאכט געוואָרן ארויסצוגעבן א שיינע הגדה, איז דאָס אודאי דער גליקליכסטער. דאָס ווערק איז ערשינען באַ פערדינאַנד אָסטערטאַג אין בערלין.

**מענשעלאַך און סצענעס** פון רחל שליט־מאַרקוס. דאָס איז שלום־עליכם איבערגעזעצט אין בילדער. זעלטן טרעפט עס, אַז אַ קינסטלער זאָל זיך אַזוי אַריינלעבן אין דעם ווערק, וועלכעס ער נעמט אילוסטרירן, ובפרט באַ היינטיגע צייטן, ווען דער קינסטלער פילט זיך על פי רוב פעהיג נאָר צו שטימונגס־א־לוסטראַציע. דאָ אָבער רעדט צו׳ן אונז אַ שלום־עליכם׳שער הומאָר, וועלכער שטייגט אויף צייטנווייז צו אַ ביי‍סנדער סאַטירע. מ׳זעהט דאָ אַ זיכערע באַהערשונג פון די פיזיאָנאָמיען. ס׳איז אַ פרייד אָנצוקוקן די פאַרשיידנאַרטיגע געזיכטער, געשטאַלטן, האַנדלונגען א. א. וו. נאָך אַלע יענע, משטיינסגעזאָגט, „יידן־קעפּ“ פון אונזערע גראַפיקער, וועלכע האָבן כמעט אלע איין פּנים· ס׳איז נאָר אַנ׳עברה, וואָס שלום עליכם׳ס ערצעהלונג „מאָטל פּייסי דעם חזן׳ס יינגל“, פון וועלכער ס׳איז גענומען דער טעקסט פונ׳ם בוך, איז ניט געגעבן געוואָרן אינגאַנצן. אַצינד האָבן מיר אַ בילדערבוך מיט אַביסל צו לאַנגע פּירושים, אַרויסגענומען פונ׳ם טעקסט, וועלכע כאָטש זיי זיינען געשיקט אויסגעקליבן, קאָנען זיי דאָך ניט ממלא זיין דעם אָרט פון שלום־עליכם׳ן אַליין. דער כלל־פאַרלאַג האָט מיטגעהאָלפן דער קינסטלערין מיט׳ן פאָרמאַט, אויסשטאַטונג, קוואַליטעט פונ׳ם פּאַפּיר, און דעם דרוק פון אירע ליטאָגראַפיען ארויסברייגגען א שיין בוך. צום ווערק האָט געשריבן אַן הקדמה בעל־מחשבות.

**קונסטגאלעריע פון ווייטשעפל.** אין לאָנדאָנער פערטל ווייטשעפל וואו עס וואוינען צומייסט אַרבייטער און יידישע עמיגראַנטן, עקזיסטירט שוין זייט אַ יאָר 40 אַ קונסטגאַלעריע, וועלכע האָט זיך געשטעלט דאָס ציעל, אריינצובריינגען די קונסט אין די ברייטע מאַסן. אַצינד געפינט זיך די אַנשטאַלט אין אַ געדריקטער פינאַנציעלער לאַגע און ווענדט זיך צום כלל בעטענדיג שטיצע.

ערשט נאָר וואס איז דאָרט פאָרגעקומען אַ אויסשטעלונג פון מאָדערנער ענגלישער קונסט. פון די יידישע קינסטלער, וואָס האָבן זיך באטייליגט אין דער אויסשטעלונג, ווייזן מיר אָן אויף פראָפ. ראָטענשטיין, א. א. וואָלמארק, דוד באָמבערג, לוסיען פיסאראָ (דער זון פון דעם באקאנטן אימפרעסיאָניסט קאַמיל פיסאראָ) און יעקב קראַמער.

**מאַקס ליבערמאַנן׳ס** ווערק ווערן איצט אויסגעשטעלט אין מינכען.

**אַ וועלט־אויסשטעלונג.** די שטאָט פילאַדעלפיע גרייט צו אויף׳ן יאָר 1926 אַ וועלט־קונסט־אויסשטעלונג וועלכע וועט ווייזן די באַריהמטעסטע קונסט ווערק פון אלע מוזעען אין דער וועלט.

**יידישער טאנץ.** בשעת ווען אויף׳ן געביט פון כאראקטער־טאנץ זיינען פאראן רוסישע, פוילישע, גרוזינישע, אונגארישע און נאך אנדערע טענץ, ווייסט די כאָרעאָגראַפיע גארניט וועגן יידישן נאציאנאלן טאנץ. דער באלעט, וועלכער אילוסטרירט די אייגנשאפטן פון פארשיידענע נאציעס דורך דעם וואס ער פירט אויף זייערע נאציאנאלע טענץ — דעם טשארדאש, די לעזגינקע, די מאזורקע, דעם טרעפאק און דעסגלייכן, — ווייסט ניט וואס צו ווייזן פון דער יידישער כאראקטעריסטישער טאנץ־פיגור. ה׳ אגדתי האט עס אויף זיך גענומען צו מאכן דעם יידישן טאנץ ביהנען־פעהיג, אים אויפהויבן צו דער מדרגה פון קונסט. ער האט אויסגעלערנט די חסידישע טענץ אין דרום־רוסלאנד, די תימנישע טענץ אין פאלעסטינא און האט אויך געפרובט אליין שאפן טענץ אויף׳ן יסוד פונם יידישן לעבן. אט, למשל, פון די ריטמישע באוועגונגען פון לאנד־ אדער שאסיי־ארבעטער אין ארץ־ישראל (חלוצים) בא זייער ארבעט. אויף זייט 27 און 28 זיינען פארגעשטעלט ה׳ אגדתי׳ס צוויי טאנץ־נומערן, איינעם א חסידישן, דעם אנדערן א תימנישן טאנץ, אזוי ווי ער האט זיי אויפגעפירט היינטיגן ווינטער אין בערלין.

די קאסטיומען, וועלכע זיינען געמאכט לויט דעם ענטוואורף פון ה׳ ב. אהראנסאן, האבן פיל געהאלפן צום איינדרוק, וואס דער טענצער האט געמאכט. ריין דינאמיש, אבער — וועלכעס איז דאך דער עיקר — האט דער טאנץ געווירקט אביסל איינטעניג. די ריטמען זיינען געווען צו לאנגזאם, כדי צו קענען זיך פארשמעלצן אין א כאראקטעריסטישן באוועגונגס־בילד. דער וועג צו אנטוויקלען דעם יידישן טאנץ ליגט אלזא אויפן געביט פון דער טעכניק, וועלכע מ׳דארף ערשט גובר זיין. דעם פרוב דארף מען אבער יעדנפאלס באגריסן.

ר. וו.

**די קונסט אין סקאַנדינאַוויען.** — צוליב דער וועלט מלחמה איז קאָפּענהאַגן געוואָרן אַ מיטלפונקט פונ׳ם מאָדערנען קונסט־לעבן. פאַר׳ן קריג האָט זיך שוין דער פראַנצויזישער אימפרעסיאָניזם דורכגעשלאָגן אַ וועג קיין דענעמאַרק איבער נאָרוועגען. אינם לעצטן יאָר פאר דעם קריג האָט דאָרט געווירקט אויף די יונגע רוסישע קונסט. אין דער לעצטער צייט האָט אויך דער עקספרעסיאָניזם זיך געפרובט צו געווינען דענעמאַרק פיר זיך. אזוי האָט עמיל נאָלדע, איינער פון די פירער פונ׳ם דייטשן עקספרעסיאָניזם, וועלכער איז דורך דעם איבערגאַנג פון צפון־שלעזוויג צו דענעמאַרק געוואָרן אַ דענישער בירגער, אויסגעשטעלט זיינע זאַכן אין דער גרענינגען־אויסשטעלונג.

**ווילהעלם וואַנשער׳ס** ווערק אין דענישער שפראַך וועגן „איטאַליע און דעם גרויסן סטיל״ פאַרדינט גרויסע אויפמערקזאמקייט. עס איז דער ערשטער פרוב צו געבן אַ אַלגעמיינעם באַגריף פון דער גאַנצער איטאַליענישער קונסט, פּאָעזיע, מוזיק פאַר דער צייט זייט די עטרוסקער ביז צום באַראָק. דער חיבור הויבט אָן מיט האָראַץ און ווירגיל און מיט די גרויסע אַרכיטעקטורען פונ׳ם פּאַנטעאָן און קאָלאָסעאום און פיהרט איבער דער קירכליכער פּאָעזיע פונ׳ם מיטלאַלטער ביז צו דער הומאַניסטישער רענעסאַנס פונ׳ם 14־טן יאָרהונדערט און פון דאַן איבער דאַנטע, דזיאָטאָ און די קלאַסיש־אינספּירירטע קירכן־געביידן און ווייטער ביז צו דער הויך־רענעסאַנס און דעם באַראָק פון אַריאָסט, טאַסאָ, פּאַלעסטרינאַ, בערניני, באָראָמיני. אומעטום באַמיהט זיך דער מחבר צו דערווייזן, אַז דער רוימיש־איטאַליענישער כאַראַקטער פון דער קונסט האָט זיך אַנטפּלעקט אין די פאַרשיידענע צייטן פּאַראַלעל דורך סטיליסטיש פאַרבונדענע אויסדרוקספאָרמען. דערביי געפינט ער ארויס צוויי טיפּישע סטיל־אַרטן: דער ריטמיש־צוזאמענהענגענדער (דראַמאַטיש־באַראָקער) און דער שאַרפער (אָנזעהליכער), און ער זעהט זיי אין אלע קונסט־שאַפונגען, אין דער רעטאָריק פון ליוויוס פונקט אַזוי ווי אין די פרעסקן פון ראַפאַעלן. די געגנזייטיגע דורכדרינגונג פון אָט די ביידע סטיל־אַרטן מאַכן עס אויס דעם „גרויסן סטיל״. דאָס איז די אייגנאַרט פונ׳ם איטאַליענישן כאַראַקטער, וועלכן וואַנשער באַצייכענט מיט׳ן וואָרט „ערנסט״, דער גרויסער צוזאַמענשפּיל פון קרעפטן און היפוכים. באמערקענסווערט איז, ווי אזוי אונזער מחבר קריטיקירט טיציאַן׳ען און מיקעל־אַנדשעלאָ: דעם ערשטן ווייזט ער בכלל אָן אַ זעהר באַשיידענעם אָרט; דעם צווייטן וואַרפט ער אויס, אַז ער האָט ניט פאַרשטאַנען צו פאַראייניגן די פּלאַסטיק מיט דער ארכיטעקטור.

אונזער מחבר האָט, ווי עס זעהט אויס, געגאַשט פון וועלפלין, ריגעל און אַנדערע, נאָר ער איז שוין אַוועק צו ווייט.

דאָס עפּאָכע־מאַכענדע בוך פונ׳ם קאָפּענהאַגער ביבליאָטעקאַר דיעטלעף ניעלסען, „דער דרייאייניגער גאָט״, פאַרדינט אויפמערקזאמקייט ניט נאָר פון רעליגיאָנסגעשיכטליכן שטאַנדפונקט, נאָר אויך פון קונסט־אַרכעאָלאָגישן. געשטיצט אויף סעמיטישע דענקמאָלער פון פאַר קריסטוס צייט, און באַזונדער אויף די אין לעצטער צייט געפונענע אַראַבישע אויפשריפטן, ווייזט דער מחבר אויס, אז די דרייאייניגע גאָט־פאָרשטעלונג, וועלכע איז געוואָרן די הערשענדע אין קריסטענטום, שטאַמט פון סעמיטישע קולטן. זעהר אינטערעסאַנט זיינען אויך זיינע באַמערקונגען וועגן דער פאַרשמעלצונג פונ׳ם מיסטישן גאָט מיט דער אידעע פון דער יידישער נבואה. לויט דער מיינונג פונ׳ם מחבר איז יעזוס קריסט געווען פונקט אַזוי אַ מאָנאָטעאיסט ווי אַלע יידן, ער האָט זיך גאָר ניט אויסגעגעבן אלס גאָטס־זוהן, נאָר פשוט אַלס אַ מענשן־קינד און איז ניט געטויט געוואָרן פון די יידן צוליב זיין אמונה, נאָר דורך די רוימער אַלס רעוואָלוציאָנער, וויל ער האָט פּרעטענדירט אויף דער יידישער מלוכה־קרוין. ער פאַרגלייכט די ספורים פון יעזוס׳עס מפתים מיט די ספורים וואָס יידן דערצעהלן וועגן זייערע אַלטע צדיקים און געפינט אין זיי אַ מערקווירדיגע עהנליכקייט.

ה. ב.



